# „מיין יוניאָן —
# מיין לעבען"

געדאַנקען און שטימונגען

פון

אַ אידישען יוניאָן פיהרער



יעקב י. העללער

ניו יאָרק, 1940

# אינהאַלט

●

זייט

# אינהאַלט



# פאָרוואָרט

דער מחבר איז ניט קיין פראָפעסיאָנעלער שרייבער. דאָס הייסט פּראָסט און פּשוט, אַז אַלץ וואָס ער האָט געשריבען איז געשריבען געוואָרען ווען ער האָט געוואָלט און וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט קיינמאָל ניט געפיהלט קיין צוואַנג צו שריי־בען, אויסער דעם דראַנג פון זיינע געדאַנקען און שטימונגען. ניט אומזיסט זיינען פילע פון זיינע „שאַפונגען״, פאַרניכטעד גע־וואָרען פון אומבאַרעמהערציגע רעדאַקטערע. זיינע לידער, סקי־צען און פעליעטאָנען פלעגען געשיקט ווערען צו דער פאַך־צייטונג פון זיין יוניאָן. פלעגט דער שרייבער זיין אין גוטע באַציאונגען מיט די הויך־באַאַמטע, דאַן פלעגט דער רעדאַקטאָר געפינען אינ־האַלט און צוועק, און ריטהעם, און קלאַנג, און שוואונג, אין זיין צו־געשיקטען אַרטיקעל. טאָמער ח״וש פלעגט זיך די מוזע ערוועקען אין אַ פעריאָדע פון הייסע דעבטען אין מיינונגס־פאַרשידענהייטען צווישען דעם שרייבער און די העכערע באַאַמטע — דאַן, אָ, דאַן — פלעגט אַלעס זיין „ניט דרוקבאַר״. די בלעטער פון דעם בוך אַנט־האַלטען בלויז אַ טהייל פון די „געראַטעוועטע״ זאַכען. צי די גע־דרוקטע זיינען געוועזן בעסער ווי די פאַרניכטעטע — דאָס וועט מוזען בלייבען אַן אייביגע געהיימניסע, ווייל דער שרייבער האָט פאַר זיך קיינמאָל קיין מאַנוסקריפּטען ניט אָפּגעשטעלט.

אַלעס וואָס דער שרייבער האָט געשריבען, איז געשריבען גע־וואָרען אין גרויס איילעניש און אונטער אַן אויסערגעוועהנליכער אָנשטריינגונג. דער לעבען פון אַ יוניאָן־באַאַמטען איז זעהר אַ רוישיגער און אַ קאָכיגער. פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין אָווענד איז ער פאַרנומען מיט רוטינער אַרבייט. מיטינגען און קאָנפע־רענצען, געשפּרעכען און שאַפּ באַזוכען — עסען אויף, זיין צייט און צעשטערען זיינע נערוועזן. רעכענט צו דעם צו די גרויסע אָנ־שטריינגונג וועלכע קומט פון דעבאַטען און דיסקוסיעס און רע־פעראַטען איבער פראַגען און פראָגעלאַך, וועלכע מוזען קלאָהר געענטפערט ווערען, אום דערמיט אַריין אַלס אַ טהייל פון די אָנ־

געגומענע פרינציפּען און „פּאַליסיס" פון דער יוניאָן, און איהר וועט דאָן קריגען אַ קלאָהרען בילד פון די אומשטענדען אונטער וועלכע אַ יוניאָן־באַאמטער שרייבט, ווען ער שרייבט.

אַ פרייע מינוט אויף אַ פלאַטפאָרמע, צווישען איין רעדנער און דעם צווייטען; די רייזע־צייט אין דער „סאָבוויי" פון דער היים און צו דער היים; שלאָפלאָזע מינוטען און שטונדען אין נעכט פון אויפ־רעגענדע דעבאַטען, און אין נאָך אַזעלכע „פרייע" צייטען פלעגען ערוואַכען שטימונגען און פאַרלאַנגען—צו שרייבען. געדאַנקען, ביל־דער, שטימונגען, פלעגען זיך דאָן בעטען — מען זאָל זיי מיט טינט און פעדער־פאַרצייכענען.

דער בוך ענטהאַלט בלויז אַ קליינע טהייל פון אַלעס וואָס דער שרייבער האָט אָפּגעדרוקט אין דער „גערעכטיגקייט" און אין דער „נייער פּאָסט". פיללייכט ניט מעהר ווי אַ פינפטע חלק. די זאַמלונג איז ניט געקליבען געוואָרען מיט וועלכער ניט איז סיסטעם. אַלעס וואָס איז געווען צום האַנט — אונטער די באַשריינקונגען פון צייט־ און דרוק־טעכניק איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר דיזער אויס־גאַבע. לאָמיר האָפען, אַז גאָר אין גיכען וועט ערשיינען אַ צוויי־טער טהייל פון „מיין יוניאָן — מיין לעבען", וועלכער וועט איינ־שליסען אַלע געדרוקטע געדאַנקען און בילדער פון דעם לעבען פון דער אידישען נאָדעל־אַרבייטער דאָ אין אַמעריקע, וועלכע זיינען אַרויס פון דעם שרייבער'ס פעדער.

מאַנכע האָבען ביי געוויסע געלעגענהייטען געזוכט אַריינ־טייטשען אין דעם לידעל „משה אָקס" אַן אונבאַגריינ־דעטען מיינונג, נעמליך: אַז די לידעל זוכט אָפּצולאַכען פון דעם קלאָוקמאַכער. דאָס איז ניט אמת. דער שרייבער האָט פילע מאָל געלאַכט מיט דעם קלאָוקמאַכער — דאָס יע. אָבער קיינמאָל ניט אָפּגעלאַכט פון איהם.

דער שרייבער האָט אַלע מאָל געגלויבט און געפּרעדיגט, אַז אַ יוניאָן מוז אויך האָבען אַ נשמה. די יוניאָן וועלכע האָט בלויז אַ מאַטעריעלען באַזיס אָהן אַ גייסטיגען פונדאַמענט — קען ניט אָדער טאָר ניט עקזיסטירען. דער אַרבייטער אין אַ יוניאָן מוז ער־צויגען ווערען אין דעם גייסט פון אידעאַליזם. די יוניאָן מוז פאַר איהם ווערען אַ סאָציאַלע קראַפט פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער

גאַנצער מענשהייט. דאָס לידעל „משה אָקס״ איז אַ קריטיק געגען דעם קליינינקען טהייל, וועלכער האָט זיך געפונען אין דער יוניאָן אין 1914 (ווען די לידעל איז געשריבען געוואָרען) און געפינט זיך נאָך פיליכט היינט אויך ביז צו אַ געוויסען גראַד — וועלכער באַזירט זיין לאָיאַליטעט צו דער יוניאָן בלויז אויפ׳ן „באָנדעל״ אַרבייט — אין אַנדערע ווערטער — אויף די מאַטעריעלע נוצען וועלכע זיי אַליין קענען עררייכען אין דעם אָדער יענעם מאָמענט. די לידעל דריקט אויס די לעכערדיגקייט פון אַזאַ בליק אויף דער יוניאָן, דאָס אַלעס.

דער שרייבער קען ניט געפינען קיין ווערטער מיט וועלכע אויסצודריקען זיין האַרציגע דאַנקבאַרקייט צו די אָרגאַניזאַציעס, פריינד און אַרבייטער, וועלכע האָבען מעגליך געמאַכט דיזען בוך אָפּצודריקען. ניט אַלע זיינע גליקלאַך גענוג צו קענען באַווייזען אין אַ קאָנקרעטען אופן די רעזולטאַטען פון אַ לעבען׳ס אַרבייט. דער סוקסעספולער געשעפטס מאַן קוקט אויף דעם ערפאָלג פון זיין געשעפט אַלס דער מאָנומענט פון זיין לעבענס־אַרבייט. דער יוניאָן־פיהרער, וועלכער איז מזל,דיג צו זיין אַלע מאָל אין דער מאַיאָריטעט, קען אָנצייגען אויף זיין יוניאָן אַלס אַ ביישפּיל פון אַ נוצליכען לעבען. דער פּאַרפאַסער פון דיזען בוך, איז ליידער אין מעהרסטע פעלע, געווען אין דער מינאָריטעט. זיין יוניאָן איז אָפּגעמעקט געוואָרען פון אַפיציעלען רייסטער פון יוניאָנס. טעכניש, קען ער דערפאַר אויף קיין זאַך ניט אָנווייזען אַלס זיין לעבענס־ערפאָלג אין דער יוניאָן. זיין געשריבענער וואָרט איז, צום גליק, די איינציגע פרוכט פון זיין אַרבייט, וועלכע קיינער האָט ניט געקענט אַוועקנעהמען. אַ בליק אויף די געדרוקטע זייטלאַך, דעריבער פיהלט אָן די האַרץ מיט פרייד און מיט שטאָלץ. צי די לידער, פּאָעמען, דעקלאַמאַציעס, סקיצען און פעליעטאָנען זיינען ליטעראַריש, גראַמאַטיש, ערפרישענד, ערקוויקענד, ערפרעהענד — אָדער ניט — דאָס בלייבט פאַר דעם לעזער צו אורטהיילען. דער שרייבער איז זיכער, אַז דער אורטהייל וועט זיין מיט יושר — ער איז זיכער, אַז די לעזער וועלען האָבען די אַלע אומשטענדען אונטער וועלכע דער שרייבער האָט געמוזט ברויכען זיין פּען און זינען, ווען דער אורטהייל וועט אַרויסגעבען ווערען.

דער שרייבער קוקט אויף דיזער זאַמלונג אַלס אַ בילד פון זיין לעבענ׳ס אַרבייט. ער לעבט דורך אַלע יוגענד מאָמענטען פון זיין לעבען — מיט יעדער שורה. ער פיהלט זיך שטאָלץ וואָס ער האָט געקענט לויטערען זיין נשמה נאָך שווערע טעג און שווערע נעכט אַרבייט, אין אַן אויסגוס פון זיינע געדאַנקען אין שריפט. ער פיהלט זיך גליקלאַך וואָס זאַגאַר זיינע „פרייע" מינוטען, זיינען אָפּגעגעבען געוואָרען אין מאָהלען דעם לעבען און קאַמף; דעם פרייד און דעם אומעט; דעם לאַך און די טרעהר פון זיינע מיטגלידער. „מיין יוניאָן — מיין לעבען" איז די גרעסטע באַלוינונג פאַר אַ לעבען פון זאָרג און ליידען, און שטרייט, און פאַרפאָלגונגען, און גלות, און רעדעס און דעבאַטען, און דיסקוסיעס, און געגנער און נאָכפאָלגער . . .

**דזש. העללער**

ניו יאָרק, פעברואַר 11טען, 1940.

# אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט

1

יאָהרען פאַרגעסענע,
אַלטע, פאַרזעסענע,
זיי קומען, זיי קומען צוריק.
יאָהרען געבויגענע,
דורך שלייערס פאַרצויגענע,
זיי ערשיינען אין חלום צוריק.

2

איך וויל זיי אומארמען,
זיך אַביסעל דערוואַרימען,
אין טרוימען פון יוגענדע טעג.
נאָר זיי אָנגעבלאָזענע,
שטייען פאַרלאָזענע,
ברוגז — אויף דעם לאַנג, לאַנגען וועג . . .

3

גיט מיר אַ גלעטעלע!
ווייזט כאָטש אַ בלעטעלע!
פון פריהלינג, פון יוגענד איין מאָל . . .
— מענש, דו פאַרדאָרבענער,
וואָס זוכט אַ געשטאָרבענער? —
לעבערט די נאַכט דורך אַ קול . . .

4

איך זוך בלויז די טוגענד,
איך גאַר נאָך דער יוגענד,
מיין פאַרגאַנגענהייט זוך איך — מיין גליק . . .
האָסט דיין יוגענד פאַרשווענדעט,
ס׳האָט זיך אַלעס געענדערט . . .
וואָס געווען — וועט ניט קומען צוריק . . .

יעקב י. העללער

# האָט ווער פון אייך געזעהן — בען ?

געווידמעט אונזער באַליבטען פרעזידענט
**בען שלעזינגער**

1

**האָט ווער פון אייך געזעהן ?**
**האָט ווער פון אייך געזעהן ?**
**ווּעמען ?**
**אונזער גרויסען בען ! בען ! בען !**
**האָט ווער פון אייך געזעהן ?**
**האָט ווער פון אייך געזעהן ?**
**ווּעמען ?**
**אונזער גרויסען בען ! בען ! בען !**

2

**ער איז צו אונז געקומען,**
**אין אַן אומעטיגער צייט,**
**צו דער אַרבייט זיך גענומען,**
**און די יוניאָן גלייך באַנייט.**

**האָט ווער פון אייך געזעהן ?**
**א. אַז. וו.**

3

**חובות פון מיליאָנען,**
**שולדיג גאָר דער וועלט,**
**„באָנד"עלאַך געגעבען,**
**און ס'איז געוואָרען ווייטער געלט.**

**האָט ווער פון אייך געזעהן ?**
**א. אַז. וו.**

„מיין יוניאָן — מיין לעבען“

4

די לאָטעס אַראָפּגעריסען,
די שפּאַרינגעס גלייך פאַרמאַכט,
די קאָמוניסטען אָפּגעשמיסען,
און געענדיגט איז די שלאַכט.

האָט ווער פון אייך געזעהן ?
א. אַז. וו.

5

צוערשט צום גובערנאַטאָר,
נאָכהער צום מאַיאָר,
און די לינקע און רעכטע
זינגען שוין אין כאָהר.

האָט ווער פון אייך געזעהן ?
א. אַז. וו.

6

אַ קראַטץ מיט׳ן פעדער
און אַ סטייטמענט איז דאָ,
און עס ווייזט שוין אַיעדער
פון די „סוועט שאָפּ שאו“.

האָט ווער פון אייך געזעהן ?
א. אַז. וו.

**7**

Don't you see the point
Why it is a shame
'Cause then you don't know
Our Benny's fame.
Did you see him, Men?
Did you see him, Men?
WHOM?
Our only big, big Ben!
Did you see him, Men?
Did you see him, Men?
WHOM?
Our only big, big Ben!

8

ער רוהט זיך אָפּ אַצינד,
ער איז אַביסעל מאַט,
אָבער געזונד וועט באַלד ווערען,
אונזער בראַוער סאָלדאַט.
יע, דאָס'ט שנעל געשעהן,
איהר וועט דאָס אַלע זעהן,
אַ געזונטען, אַ שטאַרקען, בען! בען! בען!
יע, דאָס'ט שנעל געשעהן,
איהר וועט עס אַלע זעהן,
אַ געזונטען, אַ שטאַרקען, בען! בען! בען!

# לעבען זאָל די ריפּער מאַכער יוניאָן

לעבען זאָל,
לעבען זאָל,
די ריפּער מאַכער יוניאָן.
ווייל אין איהר,
האָבען מיר,
אונזער גליק געפונען.
זיי שטאַרק,
זיי גרויס,
העלף אונז אימער,
נאָר אַרויס,
ווייל אָהן דיר
קענען מיר,
ניט לעבען.
זיי באַוואַכט,
טאָג און נאַכט,
ווייל דו ביסט דאָך
אונזער שטרעבען . . .

גיב גאָט,
גיב גאָט,
אונז כח דיך צו שיטצען,
ווייל ניט פון היינט,
האָסטו פיינט,
וועלכע זוכען דיך צו שטירצען.
מיט אונזער כח,
מיט אונזער מוטה,
מיט יעדען טראָפּען
פון אונזער בלוט,
שווערען מיר,

יעקב י. העללער

נאָר מיט דיר,
צו לעבען.
גיי דיין גאַנג,
מיט געזאַנג,
ווייל דו ביסט דאָך —
אונזער שטרעבען. . .

שרעק זיך ניט,
שרעק זיך ניט,
ווייל מיר זיינען אימער דאָ.
אויף אַלעס גרייט,
אויף לעבען טויט,
דיך צו שיטצען אין אַ בייזער שעה.
ס׳פאַלט אַ גענעראַל,
ס׳פאַלען צוויי,
טהוען דאַן —
די הערצער וועה,
טוליען מיר זיך,
איינער צו דעם צווייטען.
פאָרווערטס מאַרשיר!
און מיר מיט דיר!
ביז דער לעצטען —
לעצטען טויטען! . . .

# אַ בריף צום רעדאַקטאָר

(פון אַן איינפאַכען ריפּער מאַכער)

1

ווערטהער רעדאַקטאָר!
געלעזען אייער גאַזעטעל,
פון ערשטען ביז הינטערשטען בלעטעל,
און אסור אויב איך קען עפּעס פאַרשטעהן.
ווערטער ווי פלעקער,
כאָטש האַק זיי מיט העקער,
כאָטש הויב אָן אין חדר צו געהן.

2

אָט שטעהט דאָ געשריבען „אַ זיג״!
אַ העלפאַנט ט׳דער׳הרג׳עט אַ פליג —
געקראָגען אַ־אַ דאַלער, אַ־אַ „רייז״
געהעכערט דער לענדלאָרד די רענט,
וויפיל ער האָט נאָר געקענט,
ווי מאַכט מען אַ לעבען — ווער ווייס?

3

אָט לעז איך אַ „מינעלע״ סקייל
„גוט וועט זיין אייך און וואויל״
אין קאַשע וועל איך, וועל איך דאָס פאַרקאָכען.
איך קריג שבת „פּיידע״
גיב אַ פּאָר סענט דער „ליידע״
און זונטאָג בין איך שוין געבראָכען.

„איעדער מוז אַרבייטען פון וואָך,
און צעהלען יעטווידער שטאָך,
אָבער „פיידע״, „פיידע״, דאָס אָ מוז מען קריגען״,
האָב איך געהערט,
קענטיג, ס׳איז מיר באַשערט
צו פליהען — אַ היבש ביסעל שטיגען.

5

קוים וויל איך אַ דאָלאַרעל מעהר,
שרייט איהר — „איך אַרבייט צו שווער,
מען טאָר ניט, טאָר ניט, טאָרען זיך ניט יאָגען״!
אַז איך אַרבייט מיט שוויס,
און בעט ניט קיין רייז,
הער איך אייך קיין זאַך ניט זאָגען.

6

אַליין טאָר מען קיין שאָפּ ניט סטאָפּען,
פאַר זיך טאָר מען קיין זאַך ניט כאַפּען,
די „יוניע, יוניע, יוניע״ — זי מוז אַלעס קריגען.
נו — קריג איך אַ קרענק,
זייט איך געדענק,
אויסער אין צייטונגען „זיגען״!

7

ניט מיינט כ׳האָב די „יוניע״ ניט האָלט,
זי זאָל לעבען — האָב איך אימער געוואָלט,
ווייל אַ „יוניע, יוניע, יוניע״ דאָס־אָ מוז מען האָבען,
נאָר איך בעט אייך שרייבט „פליין״
אַז אויך איך זאָל פאַרשטעהן,
דרעהט ניט מיט׳ן פינגער דעם גראָבען.

„מיין יוניאָן — מיין לעבען״

# איך ליב אַ קאָנווענשאָן

(געזונגען מיט דער מעלאָדי פון „משה אָקט״)

קאַנדידאַטען,
פּאַניעבראַטען,
האָבען זיך דערזעהן
האָט מען זיך געקיהלט,
האָט מען זיך געשפּילט,
און ס׳איז אַלעס ווי געווען.
חייקעלע לאַכט,
און יאַנקעלע טראַכט:

איך ליב אַ קאָנווענשאָן,
איך ליב אַ קאָנווענשאָן,
דאָרטען קריגט מען וואָס מען וויל,
מען דאַרף נאָר בעטען מיט געפיהל.
איך ליב אַ קאָנווענשאָן,
איך ליב אַ קאָנווענשאָן,
פון אַ ביכעל ביז אַ וואָרט,
פון אַ רעדנער ביז אַ קאָרט,
איך ליב אַ קאָנווענשאָן!

---

אויסגענוצטע,
אויסגעפּוצטע,
פאַרמערס פון יעדען סאָרט,
מען שטעלט זיך פאָר,
מען קאַמט די האָר,
און מען דינגט זיך שוין זאָפאָרט,
איינעם מאַכט מען גרויס,
און אַ צווייטער פיהלט זיך הייס.

יעקב י. העללער

איך ליב אַ קאַנוועגשאַן,
איך ליב אַ קאַנוועגשאַן,
מאַנכע קריגען אַלעס באַלד,
און פילע העלפט ניט דער גוואַלד.
איך ליב אַ קאַנוועגשאַן,
איך ליב אַ קאַנוועגשאַן,
איך ליב דעם לעבען און די שפּיל,
איך ליב דעם קאָקוס און דעם „דיעל"
איך ליב אַ קאַנוועגשאַן.

---

לייבע נאַר
האָט באַצאָהלט דערפאַר,
וואָס ער האָט מיטגעבראַכט זיין ווייב —
קיין באַרוהטע מינוט,
ער פיהלט ניט גוט,
עס געהט אַ סקרוך איבער זיין לייב,
דאָ פעהלט אַ קנעפּעל אין איהר קלייד,
דאָ רעדט זי ניין מאָס רייד.

איך האָס אַ קאַנוועגשאַן,
איך האָס די קאַנוועגשאַן,
איך שלאָף איינפאַך ניט קיין גאַנצע נעכט,
ברידערלאַך, עס איז מיר שלעכט,
איך האָס אַ קאַנוועגשאַן,
איך האָס אַ קאַנוועגשאַן,
די ווייבער לאָזען מיר ניט אָפּ,
זיי פאַרדרייען אַלעמען דעם קאָפּ.
איך האָס אַ קאַנוועגשאַן,
איך האָס די קאַנוועגשאַן.

# איך ווער אַ סאָבסטיטוט

אַן אומגליק וואָס האָט מיר געטראָפען,
וואָס טויג מיר וואָס איך בין געלאָפען,
וואָס האָב איך פון גאַנצענעם גליק?
אַז „דובי" דער קאָטער,
און ברעסלאָוו דער זאָטער,
הייסען מיר פאָהרען צוריק.

שטימען מיט קונצען געקראָגען,
איך האָב זיך מיט יעדען געשלאָגען,
און געהאַלטען האָב איך דעם מאַנדאַט.
דאָך וואָס איז געשעהן,
וואָס האָב איך דערזעהן:
איך בין ווייטער אַ קאַנדידאַט!

נאָר ציטערט איהר חברה־מאַשינקע,
דו ברעסלאָוו און אויך דו דובינסקע,
ראַכע! — פאַר מיין פאַרגאָסענע בלוט!
איהר וועט מעהר די שפּילכעל ניט שפּילען,
אין מיין אומגליק מעהר זיך ניט קיהלען —
איך לויף שוין — אַלס סאָבסטיטוט!

יעקב י. העללער

# ליבע און פליכט

פייגעלע, טייערע פייגעלע,
איך האָב דיך דאָך ליב ווי די נאַכט,
ווען עס ליבען זיך פאַרלאַך ביי דער לבנה,
ווען זיי זיצען געאַרעמט, פאַרטראַכט . . .

אַ בענקשאַפט פילט אָן מיין האַרץ,
און ברענט ווי אַ פייער מיין יעטווידען גליד,
איך טרוים וועגען דיר מיין זיס פייגעלע,
ווי וועגען משיח — אַ איד.

פול איז מיין האַרץ מיט פאַרלאַנגען,
מיין נשמה איז באַרוישט מיט באַגעהרען,
איך וויל דיך אין מיין ליידענשאַפט פאַנגען,
ס'איז אמת — איך קען עס דיר שווערען.

איך וואָלט דיך צודריקט אין הימלישער ליבע,
איך וואָלט דיך פאַר מיין געטין געמאַכט,
איך וואָלט מיט דיר אייביג געפרעהט זיך,
איך וואָלט מיט דיר אימער געלאַכט.

נאָר אַ וואָלקען קומט אָן מיין זיס פייגעלע,
אָט באַלד, אָט ווען דיזע ציילען איך שרייב,
אַ וואָלקען געליבטע — אַ שטורם פון הימעל!
עס קומט באַלד צופאָהרען — מיין ווייב! —

# אויפן וועג צו קאַליפאָרניע

מיר זיינען געפאָרען,
פון שטעדטעל צו שטאָדט,
צו באַטראַכטען די אַרבייט,
פון אונזער גאָט.
מיר האָבען געוואַנדערט
אויף בערג און דורך טאָלען,
צו באַזינגען די בילדער,
וועלכע גאָט האָט געמאָלען,
די בלומען און גראָזען,
וועלכע ער האָט פאַרפלאַנצט,
אין די וואָלקענס פון זילבער,
וועלכע האָבען אין די הימלען געטאַנצט.

מיר האָבען געוואַנדערט
דורך נעכט און דורך טעג
צו געפינען דעם אמת׳ן
דעם ריכטיגען וועג.
מיר האָבען גע׳חלומ׳ט
דורך טעג און דורך נעכט,
צו געפינען באַפרייאונג
פאַר די לעכצענדע קנעכט.
מיר האָבען געיאָגט זיך,
פון ים ביז׳ן ים,
צו שאַפען פאַר אומרעכט
אַ זיכערען צאַם.
מיר האָבען געוואַנדערט
דורך בערג און דורך טאָלען,
צו באַזינגען די בילדער,
וועלכע גאָט האָט געמאָלען! . . .

יעקב י. העללער

# דער דעמאַגאָג

שטייט אַ וואַריאַט — אַ פאַרריקטער,
אַ צודרייטער, אַ צופליקטער,
וואַרפט די האָר, ברעכט די פינגער —
פאַרשטעלט ווי משה — דער פאָלקס זינגער.

און משה גיט אַרויס „זאַקאָנעס״,
משה וויקעלט אויפעט פּאָהנעס.
משה פיהרט אַרויס „אָטריאַדען״
אין דימיון בויט ער באַריקאַדען.
משה שיסט און משה ברעכט!
טומעלט, טומעלט — און בלייבט גערעכט!

אויפגעבויט האָט ס׳פאָלק אַ טורעם
צו באַשיטצען זיך פון שטורעם.
אין בלוט געקנאָטען יעדען ציגעל
פון מאַרך און ביין געטאָקט אַ ריגעל.
פון טרוימען אויסגעוועבט דעם טויער.
פון לעבענס — אויפגעבויט דעם מויער.

שרייט דאָ ס׳פאָלק אין ווילדע טענער,
וויינען פרויען, קרעכצען מענער:
הער אויף ברעכען אונזער טורעם,
טרייב אונז ניט אַרויס אין שטורעם.
משה! משה! פאַרלעש דעם פייער!
די געביידע קאָסט אונז טייער!
לאָז כאָטש איבער בלויז אַ שפור,
פאַר דעם יונגען, נייעם דור . . .

„מיין יוניאָן — מיין לעבען"

אָבער משה'ן העלפט ניט קיין געבעטען,
משה לאַכט פון עפּיטעטען.
מיט אַ ווילדען, בייזען צאָרען,
ווישט ער אָפּ דעם טרוים פון יאָהרען,
טוידט — וואו ס'האָט געבליהט אַ לעבען.
יאוש — וואו ס'האָט געבלומט אַ שטרעבען.

קראַך! קראַך! עס פאַלען שויבען!
טראַך! טראַך! ס'איז טוידט אַ גלויבען!
אין אַש, אין רויך — אַ לעבענ'ס שאַפען!
די באַפרייטע — ווייטער שקלאַפען . . .

יעקב י. העללער

# ניט שולדיג

איך בין ניט שולדיג,
וואָס די ווייבער די שעהנע,
רייצען און וועקען
אין מיר אויף באַגעהרען.

איך בין ניט שולדיג,
וואָס געדאַנקען ניט ריינע
מאַכען מיך הילפלאָז
און איך קען זיך ניט וועהרען.

איך בין ניט שולדיג,
וואָס גאָט האָט באַשאַפען
ווייבער און מענער
אַלס זינדיגע שקלאַפען.

איך בין ניט שולדיג,
פאַר אַ וועלט פול מיט זינד,
פונקט ווי איך בין ניט שולדיג,
פאַר דעם שנעע און דעם ווינד.

איך בין ניט שולדיג,
פאַר מיין האַרצענ׳ס פאַרלאַנגען,
פונקט ווי איך בין ניט שולדיג,
פאַר די גאָלדענע זאַנגען.

איך בין ניט שולדיג,
פאַר דער מאַגנעטישער קראַפט,
וואָס ציהט מיך צו איהר
ווי צו אַ קינסטלער וואָס שאַפט.

נעהמט אַוועק נאָר די ווייבער
פון קאָנווענשאָן יאַריד,
און איך שווער איך בלייב הייליג,
ווי איך בין אַ איד.

# פריהלינג

פריהלינג, שעהנער פריהלינג,
בעסטע צייט פון יאָהר.
קום און בלייב אויף אימער דאָ.
ענטוויש מיר שוין ניט מעהר.

פריהלינג, ליבער פריהלינג,
דו ברייגגסט פאַר יעדען גליק,
און האָפענונג, און גלויבען.
קום שוין, שנעלער, קום אַהער.

צינד נאָר אָן אין מיר
אָט יענעם אַלטען ליבעס פייער,
פון די פאַרגאַנגענע צייטען.
מאַך מיר ווידער דורכשטיג.
איך זאָל וועלען טרינקען
פון דעם קוואַל פון לעבען,
און זאָל ווידער זיין
און פיהלען ווי אַמאָל.
איך זאָל זיין
מיט אַלעמען צוגלייך.
און זאָל ליבען,
און זאָל האָפען,
און זאָל בענקען,
און טרוימען זאָל איך
אַ זיסען, יוגענד טרוים.

אויסגעלאָשען האָט דער ווינטער —
אָט דער קאַלטער אַכזר,
יעדען פונק פון לעבען
אין מיין ברוסט.

יעקב י. העללער

טויט מיין יעדער חוש.
קאַלט, פאַרפראָרען יעדער אבר.
ניטאָ אין מיר שוין מעהר
קיין האַס, קיין ליבע,
קיין פאַרלאַנגען.
ווי יענער שמעטערלינג
אַרום אַ ליכט בין איך.
איך לויף, איך פלי,
און בלייב ווי אַ מצבה
אויף אָן אָרט.
פריהלינג, שעהנער צירונג
פון נאַטור,
קום, טו אָן אויף מיר,
אַ גרינעם בלאַט.
פוץ מיך אויס אין רויזען
און אין לילען.
באַקלייד מיך
אין אַ שעהנעם
פריהלינגס-קלייד.
מאַך מיך ווידער יונג.
באַזעל מיין נשמה,
מיט פאַרלאַנגען און באַגעהרען.
זאָל מיין האַרץ זיך ווידער צאַפּלען
מיט אַ ליידענשאַפט פון ליבע.
און זאָלען אַלע וועלכע ליבען,
קומען אויסזויגען מיין לעבען,
פונקט ווי די ביהנען
דעם נעקטאר פון די בלומען.
דאַן וועל איך
מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען —
מיין נשמה דיר אָפּגעבען!

# דעם קלאָוקמאַכערס קלאָג־ליד

געזונגען מיט דער מעלאָדיע
„גאָט און זיין משפט איז גערעכט״

## בערקאָפּסקי און העלער

ווען דער סטרייק האָט אויסגעבראָכען
פרעהלאַך זיינען מיר אַלע געווען,
גאַנצע גליקען האָט מען אונז פאַרשפּראָכען —
פאַר די אויגען אַלעס געזעהן . . .

זעקס און דרייסיג וואָכען אַרבייט
אַלס אַ מינימום גאַראַנטיע,
און „לימיטיישאָן אָוו קאָנטראַקטאָרס״
אַלס אַ צוגאָב דערצו . . .

ווי וואויל און ווי פיין
עס וועט אונז זיין:
גלייך אין גן־עדן אַריין.
יע, מיר האָבען „געזיגט״,
די באָסעס דערקוויקט,
מיר הערען שוין אַ גאַנץ בייע ליד!

אַז סטרייקען דאַרף מען פון דאָס ביי --
פּיקעטען ביז דעם ערשטען דזשוליי,
סטרייקען אין דער וועלט אַריין.
וועה! וואָס פון אונז וועט זיין.

און מען צווינגט אונז שרייען: „די לינקע האָבען רעכט״.

יעקב י. העללער

פון די באָסעס אונז באַשיצען
האָט מען אונז צוגעזאָגט,
די „רענק און פייל" וועט מען שטיצען
מיט אַלעס, וואָס די „יוניע" פאַרמאָגט.

דיסטשאַרדזשען וועט מען קיינעם ניט לאָזען,
דער יוניאָן מאַן וועט מעגען זיין דרייסט;
די באָסעס וועלען פליהען, ווי די האָזען,
וועלען טאָן בלויז וואָס די יוניאָן הייסט . . .

ווי גרויס אונזער גליק!
ווי ערהאַבען אונזער זיג! —
ווען די לינקע נאָר וועלען פיהרען אונז קריג.
ווי דער גלות־איד,
צושלאָגען און מיד,
זינגען מיר אַ נייע קלאָג־ליד:

אוי, ווי געהט מען צוריק אין שאַפּ?
ווי קען מען עס פאַרטראָגען אַזאַ קלאַפּ?!
ניט מעהר קיין רעכט און ניט קיין מאַכט,
אומזיסט 20 וואָכען אָפּגעשמאַכט —

און מען צווינגט אונז שרייען: „די לינקע האָבען רעכט".

# ווי אַמאָל

מאַנכעס מאָל האָב איך מוטה
די גאַנצע וועלט אין רויטען בלוט
צו זעהן זיך טרינקען!
קריגען אַלעס וויל איך באַלד
צי מיט גוטען, צי מיט גוואַלד
און דאַן — שטיל פאַרזינקען!!

און מאַנכעס מאָל, אַז איך גיב אַ קלעהר,
ווער איך פאַרציטערט פאַר אַ טרעהר,
ווער אויפגעשווידערט פונ'ם געדאַנק — פאַרדאַרבען —
דאַן זעהט מיר אַלעס אויס גאַר שעהן,
און כ'לאָז די וועלט זיך רוהיג שטעהן,
וויל ניט יונגערהייד שטאַרבען!!!

מאַנכעס מאָל בין איך אַ ריז
פאַר יעדען געגנער — אַ פאַרגיפטעט שפּיז!
מאַנכעס מאָל — בין איך אויף אַלעס גרייט
מיך שרעקט זאָגאַר ניט אַפּ דער טויט!!

און מאַנכעס מאָל פיהל איך זיך שוואַך
אַלעס שיינט מיר שאַנד און שמאַך
מאַנכעס מאָל — אַנטלויפען בין איך גרייט!
איך קריג אַ שטויס, און קריג-אַ פייג
און כאַפּ אַ פּאַטש און מאַכ אַ שווייג.
איך ציטער איינפאַך פאַר'ן טויט!!!

יעקב י. העללער

# הערבסט

הויל איז דער בוים,
וואָס וואַכט לעבען מיין הויז,
די בלעטער — צוטראָגען פון ווינד,
די צווייגעלאַך — דינע
שוויטשען און כליפּען
ווי אַ פּאַר־יתומ׳טע קינד.

די זינגענדע פויגעלאַך,
זינגען ניט מעהר,
אַנטלאָפען אין די וואַרעמע וועלטען,
זייערע נעסטען — צוריסען,
זייערע הייזער — צושטערט,
ניטאָ מעהר די זומער געצעלטען.

דער הימעל ווי בליי,
הענגט איבער׳ן קאָפּ,
מיט צושראָקענע וואָלקענס פאַרצויגען.
עס קלאַפּט שרעקליך די האַרץ,
עס שטעלט זיך אַ פראַגע, —
עס באַווייזט זיך אַ טרעהר אין די אויגען.

# מיין געלעכטער

גאָט האָט מיר געשענקט אַ מתנה — געלעכטער,
און האָט אויפ׳ן פּנים אַ שמייכעל פאַרשפּרייט,
פאַר מיינע טרערן אַלס וועכטער.
און פון האַרצענ׳ס טרערן געדראַנג,
און נשמה׳ס קרעכציגען קלאַנג,
האָב איך געמוזט גאָר לידעלאַך שאַפען,
לידלאַך פון מוזיק און געזאַנג.

אין האָסטיגען רויש
פון מיינע איינזאַמע יאָהרען
האָט יעדע זודיגע טרעהר
אַ קינסטליכען שמייכעל געבאָרען.
זאָגאַר ווען די וועגען פון לעבען
האָבען מיר געפירט באַרג אַראָפּ
האָב איך מוטיג געשפּרייזט
מיט אַ געהויבענעם קאָפּ.
גאָט האָט מיר געשענקט אַ מתנה
מיין שטאַרקסטע געווער.
איך האָב אין זיסען געלעכטער דערטרונקען,
מיין ביטערסטע טרעהר.

2

און די וועלכע האָבען געזעהן מיך
שפּרייזען אויפ׳ן פאַרלאָזענעם שליאַך,
האָבען זיך מיט אָפּשפּאָט געשושקעט: „זעהט — אַ מאַן
איהם אַרט ניט קיין זאַך!“

זיי האָבען ניט | באַמערקט גאָר דעם וועהטאָג
וועלכער האָט געפּרעסען די גלידער
און האָבען ניט פאַרשטאַנען די ליידען
פון די פאַרשטיקטע, / ניט געזונגענע לידער.

איך האָב געהאַלטען טייער דעם אָנזאָג פון גאָט:
דיין שמייכעל זאָל קלינגען
אַז די וועלט זאָל זיך קוויקען.
דיין טרעהר — ווייז ניט קיינעם —
זאָלסט איהר טיף אין דיין האַרצען דערשטיקען!

3

מאַנכע האָבען געהויבען וואונדערענדיג די אַקסלען
אויף מיין שטענדיגען שמייכעל.
„אין דיזען יאָמער טאָל פון לעבען, ווי קען ער דאָס לאַכען,
וואו איז זיין שכל?"

און מאַנכע האָבען זיך געטראַכט
זעהט ער לאַכט.
ער לאַכטביים ענדע פון זיין לעבען!
ווען ער האָט קיין חלומות שוין ניט מעהר
זשאַלעוועט ער נאָך אַלץ אַ טרעהר!
ווען די יוגענד האָט אים לאַנג שוין אויפגעגעבען!

זיי ווייסען נעבאָך ניט פון גאָט'ס מתנה,
וועלכער שטיצט מיך פון געפאַר און פון סכנה,
גאָט האָט מיר געשענקט — געלעכטער.
איך וועל ניט וויינען —
איך קען ניט וויינען —
מיט אַ שמייכעל אַלס מיין וועכטער!

## באַצאָהלט מיר אַ חוב

גיט מיט צוריק
מיין אַמאָלגען זונג;
גיט מיט צוריק
מיין אַמאָלגען קלונג.

גיט מיט צוריק
מיין אַמאָלגע זעעל;
גיט עס מיר אָפּ
איך בעט — און באַפעהל.

גיט מיט צוריק
מיין אַמאָלגען לאַך;
גיט מיט צוריק
מיין אַמאָליגע שפּראַך.

גיט מיט צוריק
וואָס איך האָב! איך געגעבען;
גיט מיר צוריק,
מיין יוגענד, מיין לעבען.

* * *

אָט דעם שאַרבען אָט דעם,
וואָס איז איצטער פאַרבליבען;
אָט דעם שאָטען אָט דעם,
וואָס האָט די ציילען געשריבען.

יעקב י. העללער

אָט דעם קרבן אָט דעם
פון בייזער נקמה;
גיט איהם צוריק אָפּ —
בלויז זיין נשמה.

איך זוך ניט קיין רוח,
איך מאָן בלויז דעם קרן.
רחמנות! — אַנטלויפט ניט —
איהר מוזט מיר אויסהערען:

גיט מיר צוריק בלויז
וואָס איך האָב אייך געגעבען;
גיט מיר צוריק נאָר —
מיין אייגענעם לעבען.

# אַ בריף צו דובינסקיין

מיאַמי, דעם 18טען פעברואַר, 1935.

טייערער פריינד דובינסקי:

אייער בריוועלע ריכטיג ערהאַלטען. אַכט און אַכציג דאַנקען פאַר'ן שרייבען. איך ווייס ווי באַשריינקט די צייט איז און וואָס פאַראַ שווערע מאַנעוורעס איהר האָט געמוזט דורכגעהן אום צו געפינען אַ פּאָר מינוטען פאַר אַזאַ אומוויכטיגע לוקסוס ווי שרייבען אַ בריוועלע צו אַן איינגעמאַטערטען קאָלעגע.

מיר האָבען געלעבט — אָפיציעלע לעבענס. מיר האָבען אין אַלע אונזערע יאָהרען דורכגעמאַכט אַ קהל'שען עקזיסטענץ. מיר האָבען זיך בלויז געקענט אויפ'ן פּלאַטפאָרמע און האָבען זיך בלויז פאַרשטאַנען — אָדער מיספאַרשטאַנען — ביי די מיטינגען. מיר האָבען זיך אויסגעלערענט צו שאַצען אונזערע מיטאַרבייטער לויט די זיסקייט און פליסיגקייט פון זייערע רעדעס, און באַטראַכטען זייער ווערטה לויט די פּראַקטישקייט און צאָהלרייכקייט פון זייערע פאָרשלעגע.

וויצע-פּרעזידענט „א" — אַ קלוגער רעדנער. וויצע-פּרעזידענט „ב" — אַ גראָדער דיינקער. וויצע-פּרעזידענט „ג" — אַ גוטער שרייבער. וויצע-פּרעזידענט „ד" — אַ פעהיגער אָרגאַניזער. דער פּרעזידענט — אַ קאָמבינאַציע פון אַלע מעלות — אַ רעדנער, אַ דיינקער, אַ שרייבער און טוער, אַ ים מיט ענערגיע. אָט אַזוי זיינען מיר קאַטאַלאָגירט. אָט אַזוי קענען מיר זיך. בלויז אויף אַזוי ווייט פאַראינטערעסירען מיר זיך איינער מיט'ן צווייטען — אָפיציעל. אויסער דעם קרייז, דעם אייזערנעם רייף פון עפענט-ליכען לעבען — זיינען מיר פרעמדע. פרעמדע מענשען, באַזונדערע וועלטען.

מיר ליבען זיך לויט דער מאָס עהנליכקייט אין אונזערע פאָרשלעגע, און מיר האַסען זיך לויט דעם גראַד פון פאַרשידענהייט אין אונזערע מיינונגען. מיר זיינען פריינד ווען מיר שטימען פאַר דעם זעלבען אַמענדמענט, און ביטערע שונאים ווען יעמאַנד האָט

געוואָגט צו פאַרניכטען אַ שורה — אַ גאַנצע שורה — פון אונזער פּלאַטפאָרמע. מיר פאַרטרויען זיך איינער דעם צווייטען אונזער גאַנצען עפענטליכען און פּאָליטישען לעבען, פאַר אַ צייטיגען קאָמפּלימענט, און וועלען זיך באַהאַלטען בחדרי־חדרים פון דעם יעניגען וועלכער האָט געוואָגט — וועלכער האָט געוואָגט — צו באַקעמפען אונזערע וועלט־אנשויאונגען . . .

וויפיל לעבענס פראַגען זיינען פאַרגעבראַכט געוואָרען פאַר אונזערע אָפיציעלע דיינקער צו לייזען! מיט וויפיל פראַגען „פון לעבען און טויט" מיר האָבען זיך געראַנגעלט גאַנצע נעכט און האָבען געזוכט לייזונגען, אין דיסקוסיעס, דעבאַטען, רעדעס, פּלע־נער, פּלאַטפאָרמעס, פּאַליסיס און פּראָגראַמען. וויפיל האַרץ־וועהטאָג, אויפרעגונג, זאָרג, פאַרדרוס, ערגערניש און אָנשטריינ־גונג מיר האָבען דורכגעמאַכט דורך די טעג און נעכט פון עפענט־ליכען לעבען. ווי די קלויזניקעס ביי אַ חלב׳נע ליכטעל, דורך לאַנגע נעכט — אַלע מאָל געזוכט די אמת׳ע, ריכטיגע, באַדייטונג פון אַ פּינטעלע און די מיינונג פון אַ פּאַסיקעל. און טאָמער פאַר־קערט? און אפשר גאָר אַנדערש? ווי אַ בעבעל, געטריבען אין הייסען שטראָם פון קאָכיגען, זודיגען טעפּעל, ווערען מיר גלייך אויפגערעגט, אויפגעקאָכט, אויפגעצאָרענט, אויפגעברענט. וואָס הייסט עס פרעגען פראַגען? ווי וואָגט גאָר יעמאַנד צו פרעגען „טאָמער פאַרקערט". ווי קען עס מעגליך זיין? די וועלט וועט דאָך אונטערגעהן! די אָרגאַניזאַציע וועט דאָך דעמאָראַליזירט ווערען! אַלעס וועט דאָך אויפהערען צו פונקציאָנירען אָהן דער פּינקטליכער, באַלדיגער, פולשטענדיגער דורכפיהרונג פון אונ־זערע געדאַנקען! . . .

אָט דאָס איז אונזער לעבען: די אַלגעמיינע זאַכען. די אַל־געמיינע פראַגע. דאָס פאָלק! די מאַסע! דער אַרבייטער קלאַס! איינער פאַר אַלע! מיר זיינען די גרעסטע, אויסגעשטודירטע, דיפּלאָמע־האַלטענדע עקספּערטען אין „מאַסען פּסיכאָלאָגיע." מיר קענען די מאַסע. מיר האָבען געלערנט די מאַסע. מיר ווייסען וואָס די מאַסע ליבט און וואָס זי האַסט. מיר ווייסען וואָס און ווען צו זאָגען דער מאַסע און וואָס ניט וואַגען דערמאָנען צו דער מאַסע. דער גאַנצער עפענטליכער לעבען איז אַ פּאַרטזיכטיגע

אויפפּאַסונג, ניט אויפצורעגען, ניט צו דערצאָרענען, ניט צו ער־גערען און ניט אָפּצושוואַכען דער מאַסע . . .

וואָס הערט זיך אָבער, ווען דער איינצעלנער פּיהלט זיך אַביסעלע אָפּגעשוואַכט פון אַ לאַנגען מהלך פון לעבען? וואָס הערט זיך מיט׳ן יחיד, וועלכער פאַלט אַ קרבן פון די פאַרזשאַ־ווערטע וועהטאָגען, פון אויפרעגונג, פון ערגערניש, פון זאָרגען, פון ליידען, פון רעדעס, פון דעבאַטען, פון פּראָבלעמען און פון זייערע פאַרשידענאַרטיגע לייזונגען? גאָרניט. מיר ווייסען קיין זאַך ניט וועגען אַזעלכע קלייניגקייטען . . . מיר, מיר ווייסען גאָר־ניט וועגען אַזעלכע אומבאַדייטענדע פּראַגעלאַך . . .

מיר האָבען זיך קיינמאָל ניט פאַרנומען מיט דעם לעבען פון דעם יחיד, מיט דעם איינצעלנעם, מיט דעם אומאָפיציעלען איך — מיט׳ן פּריוואַטען לעבען, מיט אַן איינציגער נשמה. מיר האָבען קיינמאָל קיין צייט ניט געהאַט זיך לערנען איינער דעם צווייטען — זיך צו קענען אין אונזער איינפאַכען, וואָכעדיגען לעבען, אַלס פּריוואַטע, נאַטירליכע מענשעלאַך.

פאַלט איינער פון אונז ביים זייט שליאַך. מיד און פאַרטומעלט פון לאַנגע יאָהרען פון קהל׳שען לעבען — קענען מיר זיך שוין ניט מעהר. מיר שטאַרבען אַזוי שנעל ווי מיר פאַרלאָזען די פּלאַטפאָרמע. אויס רעדנער־קראַפט — אויס לעבען, און שוין. מיר פאַרשווינדען פון ערד קוגעל אַזוי שנעל ווי עס שעפּען זיך ביי אונז אויס די פאָרשלעגע.

וויסענדיג אָט די אַלע שוואַכקייטען אָדער שטאַרקייטען פון אונזערע קרייזען, אונזערע אייגענע פעהלערען, מוז איך אַלעמען פאַרגעבען וועלכע, ווי עס ווייזט אויס, האָבען שוין כמעט פאַר־געסען אָן מיר. איך ווייס, אַז ס׳איז ניט זייער שולד. ס׳איז מיין שולד. מיר טאָרען ניט קראַנק ווערען. מיר זיינען פירער, טוער און וועג־ווייזער. און פאַר דער זעלבער אורזאַכע טאַקע בין איך אייך אַזוי דאַנקבר פאַר׳ן שרייבען דעם בריוועלע. איך ווייס, אַז אַזאַ אַרבייט הייסט „באַרויבען די מאַסע פון זייער צייט“. אָבער דאָס מאַכט ניט, זיי וועלען דאָס פאַרגעבען. איך האָב מיט די מאַסען אַ „פּול“, אַזוי גלויב איך.

יעקב י. העללער

איך זיץ יעצט ביים זייט וועג. אויף אַ שטיינדעל. איך זוך זיך אָפּצורוהען. אַביסעלע פאַרפיליעט. אַביסעלע פאַרשטויבט. ערטערווייז צודראפּעט, און צייטענווייז פאַרגאָפּט. אַן איינצעלנער יעצט, אַ יחיד. עס געהען פאַרביי געגוג מענשען אָבער זיי דער־קענען מיך ניט. שוין לאַנג אַוועק פון דער פּלאַטפאָרמע. אַזאַ העללער'ן, אַן איינפאַכען אַלטעגליכען העללער'ן האָבען זיי קיינ־מאָל ניט געקענט. קיין פארשלעגע קען איך נאָך ניט מאַכען. פאַר פּראָגראַמען בין איך נאָך ניט רייף צו קעמפען. באַשיצען נאָכפאָלגער און פאַרפאָלגען געגנער איז נאָך ניט אין מיין מאַכט. דער דאָקטאָר זאָגט, אַז פּריוואַט בין איך קראַנק. דאָס הייסט מיין אייגענער איך — איך אַליין בין שוואַך . . .

איך ווייס אָבער דעם בעסטען רעצעפּט פאַר אַזאַ קראַנק־הייט — פריינדשאַפט און ליבע. איך גלויב נאָך אַלץ אין דיזע הייליגע מענשליכע זיטען. נאָר איך קען זיי ניט פּרעדיגען יעצט אויפ'ן הויכען קול, אויפ'ן פּלאַטפאָרמע. אינערליך, אָבער, ביינקט מיין נשמה און רופט און שרייט מיט באַנומענע קולות, דאָרט ביים זייט וועג וואו איך זיץ אויפ'ן שטיין! פריינדשאַפט! ליבע! פאַרלאָזט מיך ניט. פאַרגעסט מיך ניט.

# מיר מאַרשירען

אַן אויסגוס פון קאָנווענשאָן רעדאַקטערע.

מיט עהרע און אַכטונג
מיט חוזק און שפּאָט
געשיקט האָט די מוזע
צו אונז אונזער גאָט.

מיר האָבען געשאַפען
אָט די מאַכעריי
פון בילדער און וויצען
און לאַכעריי.

מיר זיינען געבענשט
וואָס מיר האָבען געפונען
דעם חלום, דעם טרוים
וואָס מיר האָבען געשפונען.

מיר שפּאָטען און שפּאַסען
פון אייך דעלעגאַטען!
טומלער און שרייער —
דובינסקי׳ס סאָלדאַטען.

יעקב י. העללער

# די אינטערנעשאָנאַל אָהן אַן אָטעם

(אַנטהעם בלעז)

גאַנצע יאָהרען געוואַרט
פילע דורות געהאַרט
ביז די צייט וועט זיך געבען אַדרעה
נאָך די אַלע יאָהרען
האָבען די פיהרער אונז געבוירען
אַ מפּיל„ ען אַר עי״.
באַראַנעס פון די גאַרמענט וואָרקערס,
וואו איז די „יוניע״ איצט אַ וואו?
מיר'ן קעמפען און זיגען
ביז מיר'ן צוריקקריגען
די אַלטע „אַי. על. דזשי. דאָבעליו־יו.

„פיטשקעס און בילדער
געשרייען, געפילדער
פאַראַדען אַלערליי
שוועסטער און ברידער
קוויטשען נאָך לידער
פון דעם פויגעל „ען אַר עי.״

באַראנעס פון גאַרמענט וואָרקערס,
וואו איז די „יוניע״ איצט אַ וואו?
מיר'ן קעמפען און זיגען
ביז מיר'ן צוריקקריגען,
די אַלטע „אַי. על. דזשי. דאָבעליו־יו״.

# אויסערען שטאָדט

געקומען אַהער איז אַ מיידעל,
וועלכע האָט קיימאָל ניט געזעהן די שטאָדט.
זי׳ האָט געקענט בלויז צוויי גרויסע מעכטע:
איהר „באָס״ און איהר גאָט.
און יאָהרען און יאָהרען
האָט זי געדינט אָט די געטער,
האָט געקושט זייער רוט.
האָט זיך געבוקט צו די „סוועטערס״.
ביז ס׳איז געקומען דובינסקי,
וועלכער האָט גערופען פאַר פרייהייט!
האָט געפּריידיגט דעם וואָרט
פון יוניאָן און טרייהייט.
און איצט זיצט זי דאָ ביין קאָנווענשאָן,
און פאַרטרעט שוין אַ שטעדטעל.
האָט באַזיגט שוין איהר „באָס״
האָט פאַרוואָרפען דעם געטעל.
זי ווידמעט איהר לעבען
פאַר אַרבייטער רעכט,
פאַר דער באַפרייאונג פון שקלאַפען,
פאַר דער ערלייזונג פון קנעכט.

יעקב י. העללער

# מיין יוניאָן — מיין לעבען

(פאַרפאַסט צום 15 יאָהריגען יובילעאום
פון לאָקאַל 17)

פופצען יאָהר ביסטו געוועזן,
מיין באַשיצער און מיין וועכטער,
פופצען יאָהר האָסטו געזעהן —
מיך אין טרויער און געלעכטער.

פופצען יאָהר פון מיין יונג לעבען,
איינג פאַרבונדען איז מיט דיר:
מיין איך האָב איך דיר געגעבען,
און דו האָסט גליק, געגעבען מיר.

טעג און נעכט — און אַלע צייטען,
אינטים מיט דיר האָב איך פאַרבראַכט.
אין אַלע דיינע לעבענס-שטרייטען,
באַריקאַדען — פאַר דיר געמאַכט.

יעדער זיג פון דיין שאַרפען שווערד,
האָט מיר געגעבען שטאָלץ און מוטה;
דיין יעדער שליידער צו דער ערד,
האָט אויפגעזאָדען הייס מיין בלוט.

כאָטש איך ווער שוין גראָהער, עלטער,
און „יונגע העלדען" זוכען דיר,
דאָך ווערט מיין ליבע אַלץ ניט קעלטער,
און אייביג ליבען וועסטו מיר.

ווייל יעדער ציגעל פון דיין טורעם
איז אַ חלק פון מיין זיין,
שרעק זיך ניט פאַר קיין סאָרט שטורעם,
געליבטע, ליבסטע — לעבען מיין!

# ווען דער רבי

(אַ חסידישע שטיפערייַ)

1

ווען דער רבי געהט צו שחרית,
געהט די זוהן איהם אויף אַנטקעגען,
ווען דער רבי געהט צו שחרית,
באַלויכטען ווערען אַלע וועגען . . .
פרעהט זיך קינדער פון ישראל,
פרעהט זיך אַלע גוטע קינדער,
פרעהט זיך קינדער פון ישראל,
מיט'ן רבי'נס גרויסען וואונדער.

2

ווען דער רבי דאַווענט מעריב,
דאַווענט ער מיט גרויס כונה,
ווען דער רבי געהט צו מעריב,
קומט אַרויס באַלד די לבנה

פרעהט זיך א. אַז. וו.

3

ווען דער רבי בענטשט הבדלה
איז אַ מחיה איהם צו הערען,
פון דעם רבי'נס שעהנעם קנייטעל
צינדען אָן זיך אַלע שטערען.

פרעהט זיך א. אַז. וו.

4

ווען דער רבי געהט זיך לייגען,
חלומ'ט ער פון שעהנע זאַכען,
ווען דער רבי פאַרמאַכט די אויגען
קומען מלאכים איהם באַוואַכען.

פרעהט זיך א. אַז. וו.

5

ווען די רביצין געהט צו טבילה
זינגט די טייכעל איהר אַ לידעל,
ווען די רביצין קומט פון טבילה —
ווערט געבוירען נאָך אַ אידעל.
פרעהט זיך א. אַז. וו.

# אַ בראָך אויף די פּאַרטייען

(מעלאָדיע: „מיט געלט טאָר מען ניט שטאָלצירען")

אַ געלאַף, אַ גערודער,
איינער דערקענט ניט זיין ברודער,
ס'איז וואַהלען אין לאָקאַל ניינציג־ניין.
פאַרהאוועט פאַרשמאַכט,
פאַרזאָרגט און פאַרטראַכט
ווער ווייס וואָס דערפון וועט זיין?
מען שלעפּט פאַר'ן פּאָלע,
איבעראַל אַ יללה,
פּלאַקאַטען אויף יעדער גאַס.
פאַרהונגערט פאַרצעהרט
אַלעס צעבראָכען, צעשטערט,
אַ גהינם פון שנאה און האַס . . .
אַ בראָך אויף די פּאַרטייען,
מיט זייערע פאַלשע אויסגעשרייען,
גיט מיר צוריק מיין אַמאָליגען גליק,
אַ יוניאָן אָהן פּאָליטיק,
די גערגלאַך און די באַראַנעס,
די פּאָליטישע לאַפּאַצאַנעס:
נעם זיי גאָט אַוועק —
צו דיר צוריק.

יעקב י. העללער

# וואָס מיר ווילען

אין אַ הערליכען זוניגען טאָג,
דרעהט ער זיך אַרום, געבויגען דעם קאָפּ.
אַ געזגעל רעדאַקטאָר,
אַ איד אַ פּאַרקניאקטער.

פון ווינקעל צו ווינקעל,
פון צימער אין זאַל,
דראַפּעט זיך, מוטשעט זיך,
און איז פול איבעראַל.

וואָס האָט איהר פאַרלאָרען,
וואָס איז דאָ געוואָרען,
וואָס שפּאַנט איהר אין גלות,
אַזאַ שאָק מיט יאָהרען! . . .

כ'האָב גאָרניט פאַרלאָרען,
כ'טו בלויז מיין פליכט,
איך בין געקומען צו פאָהרען,
צו צעשפּרייטען דאָ — ליכט.

צו יעדער קאָנווענשאָן,
צו יעדען באַנקעט,
צו יעטווידער שמחה'לע,
אָפּען גערעדט.

ברייננג איך מיר מיט
אַ הייסען פאַרלאַנג,
פאַר ליבע! פאַר ווייבער!
ווי אויך פאַר געזאַנג!

דעם טיאַכק פון באַגעהר,
זוכען מיר שטילען,
און בריינגען צום אויסדרוק —
די ליבעס געפיהלען.

# סלעק איז ווייטער דאָ!

1

אָט אָ ווייטער,
אָט אָ ווידער,
גוואַלד געשריען,
שוועסטער, ברידער,
שוין די בייזע שעה.
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

2

ברומט מיין באָס,
מיט ווילדען צאָרן,
נאָגט און יאָדעט
מיר די יאָהרען,
סלעק איז דאָ!
און ער פייניגט,
און ער מוטשעט,
און ער ריטשעט,
און ער קוויטשעט — —
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

3

איך האָב באַגראָבען
זיין מלאכה,
כ׳האָב פאַרטיליגט,
זיין משפחה — —
סלעק איז דאָ!
שלעכט געמאַכט,
קרום געשטעפּט,
ניט געפּרעסט,
בלויז פאַרקלעפּט,
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

4

כ׳האָב געריסען,
הויכע פרייזען,
ער׳ט בלק לערנען —
און באַווייזען — —
סלעק איז דאָ!
ער מוז אַרויס,
ער קען ניט שטעהן,
איך האָב געטאָן
איהם אין דער ביין —
אָט דעם פאַרשוין.
סלעק איז דאָ!
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

5

באַלד פאַרקויפט ער
די מאַשינען — —
אויב מען וועט זיך,
ניט באַזינען
סלעק איז דאָ!
„געהן וועט אַלעס
גלייך אין אָקשען.
אויב מען גיט ניט
קיין רעדאָקשאָן!"
סלעק איז דאָ!
אָהן רעדאָקשאָן — —
שאַפּ אין אָקשען.
ניט אין אָקשען — —
גיב רעדאָקשאָן!!!
און רעדאָקשאָן,
שאַפּ אין אָקשען!
שאַפּ אין אָקשען,
אָן רעדאָקשאָן!
סלעק איז דאָ!
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער דאָ!

6

לויף איך אַרויסעט,
אין די גאַסען,
ווער איך פאַרשלונגען,
פון די מאַסען — —
סלעק איז דאָ!

ווייבער רעדען,
מענער זאָגען,
פּרעסער כליפּען,
שניידער קלאָגען — —
סלעק איז דאָ!
רעדלאַך דאָ,
רעדלאַך דאָרט,
פון יעדען מויל,
דער זעלבער וואָרט — —
סלעק איז דאָ!
ווי אין שאַפּ,
אַזוי אין גאַס,
אויגען־אומעט־
באַקען־בלאַס — —
סלעק איז דאָ!
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

7

און אַ רעדנער,
מיט פּאַטהאָס,
דערצעהלט די חכמה,
פון זיין באָס.
ער גיט איבער
זיין אינסטרוקציע
אויף דעם ענין — —
מאַס־פּראָדוקציע!
ווילסט פּראָדוקציע,
גיב רעדוקציע!
אָהן רעדוקציע

„מיין יוניאָן — מיין לעבען"

אויס פּראָדוקציע.
סלעק איז דאָ!
און רעדוקציע,
און פּראָדוקציע,
און פּראָדוקציע,
און רעדוקציע,
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

8

אַזוי אַביסעל,
אָן דער זייט,
נאָך אַ רעדעל,
יונגע לייט.
סלעק איז דאָ!
און אין מיט'ן
משה אָקס,
האַלט אַ רעדע
וועגען קלאָוקס!
ווי קענט איהר גאָר
ערוואַרטען קלאָוקס?
מיט אַזעלכע
לאַנגע טראָקס?!
סלעק איז דאָ!
ווילט איהר קלאָוקס
פאַרטרייבט די טראָקס!
ווילט איהר טראָקס — —
איז אויס מיט קלאָוקס!
און די קלאָוקס
און די טראָקס,

און די טראָקס,
און די קלאָוקס,
ברומט מיט צאָרן,
משה אָקס.
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

9

עס ברענט אַ פלאַם,
ביי מיר אין מח.
כ׳האָב שוין פשוט,
ניט קיין כח!
סלעק איז דאָ!
בלויז געאַרבייט
אַ פּאָר וואָכען,
פון חוב נאָך ניט
אַרויסגעקראָכען,
און סלעק האָט ווידער
אויסגעבראָכען — —
סלעק איז דאָ!
גוטער גאָט,
כ׳בין באַנקראָט,
שולדיג געלט,
די גאַנצע שטאָדט,
וואו אַ פריינד,
און וואו אַ קרוב,
איינעם שולדיג — —
דער אַן ערוב — —
סלעק איז דאָ!
איך ווער פעררוקט,

„מיין יוניאָן — מיין לעבען״

כ׳ווער דערשטיקט,
גאָט האָט ווייטער
מיר באַגליקט,
ער האָט מיר
ווידער צוגעשיקט —
הונגער, אומעט,
עלענד, נויט.
גיטאָ אין הויז
זאָגאַר קיין ברויט!
סלעק איז דאָ!
סלעק איז דאָ!
סלעק איז ווייטער,
סלעק איז ווידער,
סלעק איז ווייטער דאָ!

יעקב י. העללער

# טיק־טאַק קלאַפּ מיין האַרץ

טיק־טאַק — קלאַפּ מיין האַרץ,
טיק־טאַק — ווער ניט מיד,
טיק־טאַק — קלאַפּ־קלאַפּ,
זינג מיר ווידער אַ יוגענד ליד.

זינג אַ ליד פון זונען־טעג,
ווען אין האַרצען וואַרים איז געווען,
ווען די וואָלקענס האָבען זיך צופלויגען,
און הימלען קלאָהרע — האָב איך געזעהן.

טיק־טאַק — קלאַפּ מיין האַרץ,
בלייב נאָר ניט פלוצלונג שטיין.
טיק־טאַק־טאַך־טיק,
ס'איז דאָ אַ שטרעקע נאָך צו געהן.

און איז דער וועג באַדעקט מיט שטויב,
און דער מהלך ווערט צו שווער —
טיק־טאַק — קלאַפּ מיין האַרץ,
מאַך פייכט די וועגען מיט אַ טרער.

און זינג ווידער, פון טרוימען נעכט,
און זינג ווייטער פון צויבער טעג.
טיק־טאַק טאַק־טיק!
מיט טריט פעסטע גיי דיין וועג!

טיק־טאַק — קלאַפּ מיין האַרץ,
טיק־טאַק — ווער ניט מיד.
טיק־טאַק! קלאַפּ־קלאַפּ!
איך וועל זינגען אַ יוגענד ליד . . .

## צו אַ ווילדער ענטעל

ענטעל דו ווילדע,
וואו יאָגט דיך דער שטראָם,
איבער רוישיגע כוואַליעס,
אין קאָכיגען תהום ? . . .

האָסטו גאָר ניט קיין מורא,
האָסטו גאָר ניט קיין שרעק,
פאַר דער שטומענדער שטילקייט,
ווען די זון געהט אַוועק ? . . .

באַציהער פון טייכעל,
דיין ווילדקייט זי גליהט.
וועלכע קראַפט, צו דעם וואַסער,
ציהט דיך און ציהט ! . . .

שווימסט מיט אַן אימפּעט
מיט אַ האַסט און געיעג.
ווער וואַרט אויף דיר, ענטעל —
ביים ענדע פון וועג ? . . .

קוואַ, קוואַ, קוואַ, קוואַקוואַ !
אַן ענטפער איך הער :
עס ציהט מיך דאָס לעבען,
עס רופט דער באַגעהר.

מיין זיווג — מיין געליבטער,
מיין ער — אָט אַ דאָרט,
עס לאָזט מיך ניט רוהען,
ניט שטעהן אויף אַן אָרט.

ענטעלאַך קליינע,
וועלען זיין מיין באַלוין.
מיך שרעקט ניט קיין כוואַליע
וויל דער לעבען איז שעהן . . .

יעקב י. העללער

## לייקוואוד

אַלטע מענשען,
פּאַוואָליע טריט.
עס באַוועגט זיך לייקוואוד
שריט ביי שריט.
שווער דער אָטעם,
שוואַך דער לוסט,
שאַרף דער וועהטאָג,
אין דער ברוסט . . .

אומעט אויגען,
שרעק אין האַרץ,
עס לייכט די זון,
און ס׳איז אַלעס שוואַרץ.
עס ריהרט זיך קוים, די שטאָדט פון רוה.
וואו נעהמט מען כחות —
ווער וויס וואו ? . . .

פערד און וועגען,
לויפען אום,
אַלטע, שוואַכע,
אומעטום.
די לעצטע סטאַנציע
אויפ׳ן וועג.
באַלד געענדיגט
דעם געיעג.

טייכעל, טייכעל,
פליס זיך שטיל,
איך גיס אַריין
אין דיר געפיהל.
יאָג זיך כוואַליע,
מיט באַגעהר,
נעהם אויך מיט —
מיין הייסע טרער. . .

# צוריק פון יאַריד

1

ווען איך בין
צום שטעדטעל געפאָהרען,
איז די רייזע,
צו לאַנגזאַם געווען.
יאָג זיך מיין שנעל־צוג,
וואָס שנעלער!
די שטעדטעל —
וואָס גיכער נאָר זעהן.

2

ניט געזאָרגט זיך,
וואָס ס׳וועט מאָרגען פּאַסירען.
מעגסט פאַרגעסען,
וואָס ס׳איז נעכטען געשעהן.
באַוועג זיך מיין לעבען,
מיט אימפּעט
היינט מוז איך —
אַלעס נאָך זעהן!

3

ווי אַ וויכער
האָב איך זיך געטראָגען,
געאיילט זיך
צו גרייכען מיין גליק . . .
גזלנים! איהר האָט
צו־שנעל געטריבען. —
איך פאָהר שוין —
אויף צוריק — אויף צוריק . . .

4

די רייזע אַצינד,
איז צו האַסטיג,
רחמנות!
דעם צוג שטעלט מיר אָפּ!
יאָגט ניט,
מיט אַזאַ פיינענדען אימפּעט.
איהר קייקעלט מיך
שנעל באַרג אַראָפּ!

* * *

5

ווען איך בין
אַ קינד נאָך געוועזען,
איז אַלעס,
צו־לאַנגזאַם געוועזן.
געיאָגט זיך,
וואָס שנעלער, וואָס גיכער,
דעם לעבען —
דעם לעבען צו זעהן.

6

יעצט פאָהר איך
צוריק פון יאַרידעל,
מיין קערפער
פון לעבען צובויגען.
אין האַרצען —
אַ פיינליכער לידעל . . .
אַ זודיגע טרעהר
אין די אויגען . . .
העללער —13—

# אַמאָל און יעצט

איך געדיינק ווי אַמאָל,
פלעגט קלינגען מיין קול,
אין שטענדיגען געלעכטער.
געווען איז אַ טרער,
מיין שונא'ס געווער.
אַ שמייכעל געווען איז מיין ווערטער.

מיר פלעגט דער לעבען,
פריידען בלויז געבען.
אַ גאָרטען און אַ סאָד.
יוגענד און לוסט,
און באַגעהרען אין ברוסט, —
אַ צויבער קאַראַהאָד.

יעצט האָט אַ רעגען,
פאַרשווינקט מיינע וועגען.
איך ווייס ניט וואו צו געהן . . .
איך! — דער מאַכער,
דער שטענדיגער לאַכער . . .
מענשען זעהט: איך וויין! . . .

יעקב י. העללער

# וואו ביסטו מיין זון ?

וואו ביסטו מיין זון,
וואָרים ליגסטו פאַרבאָרגען ?
באַהאַלט ניט די שטראַלען,
פאַר שפּעטער, פאַר מאָרגען.
קום אַרויס מיט דיין גלאַנץ,
אויף דער פריהענדער וועלט,
פאַרטרייב פון מיין שטעדטעל,
די כמאַרעס — די קעלט.

און זאָלען די שטראַלען,
מיט וואַרימקייט גליהען,
און זאָלען די בלומען,
מיט דופטיגקייט בליהען.
צינד אָן מיין האַרץ,
מיט פריהלינג פאַרלאַנגען,
און פיל אָן די לופט,
מיט פויגעל־געזאַנגען.

און לאָמיר דערפיהלען,
דעם סוד פון מיין לעבען.
און לאָמיר דערשפּירען,
אַ ציל און אַ שטרעבען.
פון די הימלען די הויכע
דיין ליכט שיק אַראָפּ,
און דערוואַרעם מיט ליבע,
מיין געבויגענעם קאָפּ.

„מיין יוניאָן — מיין לעבען"

**און דאַן וועל איך זאָרגלאָז,**
**ווי אַ קינד ווידער שפּרינגען.**
**עס וועט ווידער די לופט,**
**מיט פרעהליכקייט קלינגען;**
**כ'וועל דאַן דערפיהלען,**
**דעם טעם פון מיין לעבען:**
**און איך וועל דיך בענטשען —**
**און לויב־געזאַנג געבען!**

[illegible]

# צום 1־טען מאַי!

אַרבייטער מאַסען,
אַרויס אין די גאַסען
מאַי איז דאָ!
די צייט פון באַנייאונג,
די צייט פון באַפרייאונג,
די גליקליכע שעה!

צעגאַנגען דער שנעע,
פאַרשוואונדען דער וועה,
מאַי איז דאָ!
די פויגעלאַך זינגען,
הערצעלאַך שפרינגען,
אַ פריהלינג שעה!

אַ סוף מוז ווערען,
צו בלוט און צו טרערען,
מאַי איז דאָ!
גלייכהייט און רעכט,
אויס האַר און אויס קנעכט,
מאַי איז דאָ!

גליק און פרידען,
צו גוי און צו אידען,
מאַי איז דאָ!
אויס מורא, אויס שרעק,
טיראַנען — אַוועק!
מאַי איז דאָ!

„מיין יוניאָן — מיין לעבען"

חלומ'ט אַ חלום
פון ליבע און שלום —
פון שלום אויף דער וועלט.
האָפענונג ברויזט,
און פריהלינג רוישט —
ניטאָ שוין מעהר קיין קעלט!

אַרבייטער מאַסען,
אַרויס אין די גאַסען
מאַי איז דאָ!
די צייט פון באַנייאונג,
די צייט פון באַפרייאונג,
די גליקליכע שעה!

יעקב י. העללער

## צו אַ הוילען בוים

עלענדער בוים,
ביזט ריזיג און שלאַנק,
דאָך קוקסטו צום הימעל,
ווי דיר טהוט עטוואָס באַנק.

הויל דיינע צווייגען,
די בלעטער צעטריבען
מיט אַ פאַרדאַרטען סקעלעט,
ביסטו איצטער פאַרבליבען.

האָפסטו אויפ'ן פריהלינג,
דיך מיט לעבען באַנייען,
דיך מיט בלעטער באַקליידען,
און פון אומעט באַפרייען.

אָדער דיין האַרצלאָזען העקער —
ערוואַרטעסטו באַלד,
וועלכער וועט דיך אויף שטיקער, — צעהאַקען
און פאַרטאָגען פון וואַלד . . .

# געה זיך אין דיין גלייכען וועג

(אַ דעקלאַמאַציע פאַר ריפערמאַכער
און פאַר אידען)

1

מיט דיין פעקעל,
אויפ'ן פלייצע
בלאָנדזשעסט ברודער,
זוכסט אַן עצה? . . .
זאָג איך —
הער נאָר . . .
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

2

בוק זיך ניט,
צו קיין פאַררעטער,
קני זיך ניט,
פאַר נייע געטער.
ווי פריהער בלייב,
דער זעלבער — שפעטער.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

3

סיי אין זון־שייך,
סיי אין רעגען,
ווען וואָלקענס קומען
אָן אַנטקעגען,
ווען שונאים רייצען
דיר — און רעגען —
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

4

פאַרליר נאָר קיינמאָל
ניט דיין גלויבען.
דיין מוט לאָז קיינעם
ניט באַרויבען.
ביסט פון אונטען,
ביסט פון אויבען. —
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

5

ווען עס יובל'ן
די באַטריגער,
ווען פייגלינס קרוינען זיך
אַלס — זיגער.
ווען מילבען ווערען
ריטער! קריגער! —

געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

6

ווען דו וואַנדערסט
דורך מדברים,
אויף סקעלעטען,
פאַרביי קברים.
ווען קינדער ווייגען
אין חדרים —
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

7

ווען עס ברויזט
אין דיר אַ צאָרן,
און יאוש האָט
פאַרדרוס געבאָרען.
ווען דו בענקסט —
נאָך די יוגענט יאָהרען.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

8

ווען דיין היים,
פאַרצוקען פלאַמען.

ווען ווילדע שפּאָטען
פֿון דיין מאַמען.
ווען משיחים פֿאַלשע
קריגען די רעקלאַמען.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

9

ווען דיין האַרץ
ווערט שיעור צוריסען:
דו בויסט! און בויסט!
און פרעמדע גאָר געניסען, —
שאַ — קיינער טאָר
פון דעם ניט וויסען . . .
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

10

אמת — איצטער לאַכען
די פאַררעטער,
ס׳רעגענט אין דרויסען . . .
ס׳איז אַ שלעכטער וועטער . . .
דאָך שווער איך ברודער;
דו וועסט לאַכען שפּעטער!
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג.
געה זיך אין דיין
גלייכען וועג!

# יעדען פריהמאָרען

יעדען פריהמאָרגען
פרעג איך זיך די פראַגע:
וואו וועל איך זיין,
אויף דער נאַכט? . . .
וועל איך זיך געפינען
שוין דאַן אין די הימלען —
אָדער נאָך אַלץ זיין פאַרנומען,
מיט דער אירדישער שלאַכט . . .

אָדער ווערען אַ טהייל,
פון די בלומען און פלאַנצען?
ליגען זיך רוהיג, זאָרגלאָז,
באַוועגלאָז און טויט!
אין קבר זיך דרימלען,
אונטער דופטיגע קראַנצען,
קיין זאַך ניט פאַרלאַנגען
אויף אַלעס זיין גרייט.

איך בעט אין פריהמאָרגען,
אַן ענדע ביינאַכט!
אַ סוף צו דעבאַטען!
אַן ענדע צו „זיגען"!
שאַלט מעהר ניט, זעלנער!
שטעלט אָפּ די שלאַכט!
אַן ענדע צו פאַלשקייט!
אַן ענדע צו ליגען!

יעקב י. העללער

## גאָט, איך בין גרייט!

ווען איך וועל ערהאַלטען,
דיין ענדליכען רוף:
אַ באַפעהל צו דיין דינער,
צו ברייגגען זיין גוף,
צו דער אייביגער, ענדליכער,
עוויגער רוה . . .
וועסטו קריגען
איין ענטפער:
האַר! איך בין גרייט, —
איך בין פאַרטיג דערצו . . .

און ווען איך וועל קומען,
אין דיינע הימלען אַריין,
וועט דער בוך פון מיין לעבען,
אין אָרדענונג זיין.
יעטווידע שורה,
און יעטווידער בלאַט
וועט זיין ריין פון באַטרוג,
און פריי פון פאַרראַטה.
שטאָלץ וועסטו פיהלען,
גנעדיגער האַר —
מיט דיין עהרליכען דינער —
מיט דיין ערדישען נאַר . . .

# אַ תפילה

(פאַרפאַסט ביי אַ מיטינג פון לאָקאַל 1813)

איך בעט דיך מיין גאָט,
פאַרנעהם מיין געבעט.
שוין צעהנדליגע רעדנער,
האָבען גערעדט און גערעדט —
און קיין זאַך, חלילה —
האָט נאָך קיין איינער געזאָגט.
בלויז געליאַרעמט, געבריאַזגעט —
באַוויינט און באַקלאָגט!

עס הויבט שוין אָן טאָגען.
עס ווערט אַזוי שפּעט! —
טאָ פאַרדריי זיי די גאָרגלען —
גענוג שוין גערעדט!
עס גענעצט שוין יאַנקעל,
עס דרימעלט שוין לייבע —
עס קוקען ווי גלאָמפּען —
די שטומע — די טויבע.
פאַרמאַך זיי די כליאַפּעס,
פאַרליר זיי די שפּראַך —
און פאַרטיליג די רעדנער,
וועלכע זאָגען קיין זאַך.

און דער וואָס באַלאַקעט —
און ווידערהאָלט
און מאָלט זעק גאַנצע פּראַזען —
און מאָלט ווייטער — און מאָלט.
אין באַריהרט די פלאַנעטען —
און פאַרטייטשט סאָבמאַרינען —
און קוואָטירט די פּאָעטען —
אין מיט'ן דערינען —
און דעם פונקט פון דעם מיטינג —
קען ער זעלטען געפינען —
דעם זאָל אַ דונער —
זיין „רעדע״ צעשטערען —
זאָל ער ווערען זאַיקע!
מען זאָל איהם ווייטער ניט הערען!

# קלאָוקס און טראָקס

וועז די רעדער
פון די טראָקס,
וועלכע פיהרען,
מיינע קלאוקס,
הויבען אָן זיך דרייען,
דאַן דערהער איך,
דאַן דערפיהל איך,
אַלע ווייען,
און געשרייען,
פון די קלאָוקמאַכער
אַרמייען,
פון די מאַסען,
אין די גאַסען,
וועלכע ליידיג גייען.

אָנגעפּאַקטע רויבער זיינען זיי!
מערדער, שלעגער,
וועלכע פיהלען ניט
דעם ווטה.
אַזוי קלינגט אין אויער,
אַ געשריי,
פון יעדער רעדעל'ס דריי.
און וואו איך געה,
און וואו איך שטעה,
הער איך זיי,
זעה איך זיי!
זעה! איך זיי,
הער איך זיי!
יוגענד! טרוימען!
אידעאַלען!

יעקב י. העללער

אין טראָקס פאַרפאַקט!
און שוין! פאַרפאַלען!
לאַנגע גאַסען,
רייען טראָקס
אָנגעפאַקטע,
פול מיט קלאָוקס.
מיין גאַנצען לעבען,
שלעפען זיי אַוועק!
און עס נעהמט צו דעם,
גאָר ניט קיין עק!
גאַנצע זעק,
און גאַנצע פעק,
סיי אין „ביזי”,
סיי אין סלעק
מען שלעפט אַוועק.
יוגענד טרוימען!
דיין קאַמף פון יאָהרען,
איינגעפאַקט —
אַוועקגעפאָהרען!

און קוים וואַג איך יעמאַנד,
עטוואָס זאָגען,
אויף דער לאַגע,
זיך באַקלאָגען,
ווער איך ווערטערליך
געשלאָגען.
איך בין פאַרסאָפעט.
פון דעבאַטען,
קאָנפערענצען,
רעפעראַטען,
דאָקומענטען,
אַטעסטאַטען;
כ'האָב די גאַנצע וועלט,

„מיין יוניאָן — מיין לעבען“

**פאַרראַטען!**
**סטייטש, גזלנים,**
**האָט רחמנות!**
**ס׳איז דאָך פשוט,**
**אַ סכנות.**
**לאָזט כאַטש איבער,**
**בלויז אַ ביסען.**
**לאָזט דעם בויער**
**אויך געניסען.**
**נאָר דער טראָק —**
**ער וויל ניט וויסען.**
**יע די טראַקס —**
**זיי שלעפען קלאָוקס!**

יעקב י. העללער

# אין דייטשלאַנד און פוילען

(צו זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „הוליעט, הוליעט
בייזע ווינטען")

לאַכט אָפּ, לאַכט אָפּ, כת לצנים
דער בנין איז צושטערט . . .
רייסט די טירען, ברעכט די שויבען
אַזוי איז עס באַשערט . . .

טרעהרען פליסען גאַנצע שטראָמען,
עס ווערען טייכען באַלד . . .
שניידט אויף בייכער, רייסט אויס הערצער,
גזלנים פון דעם וואַלד . . .

יוגענד צאַרטע, טרוימען שעהנע,
אייער קלאָג־ליד טראָגט דער ווינט . . .
ברעכט דעם קערפּער, שענדט די זעלע,
ס'איז אַזאַ צייט אַצינד . . .

יונגע מחנות קומען אַן באַלד
צום משפט רופען זיי . . .
עשאַפּאָטען פאַר די הענקער! —
קומט אַן אורטייל — איינס און צוויי . . .

* * *

לאַכט אָפּ, לאַכט אָפּ, כת־לצינם . . .
אַזוי איז עס באַשעהרט,
רייסט די טירען, ברעכט די שויבען,
דער בנין איז צושטערט . . .

## לאָקאַל „סעווענטין"

מיר פאָהרען, מיר פאָהרען און מיר פאָהרען,
טרעפט נאָר, וואו פאָהרען מיר, וואוהין!
צו פייערען די דרייסיג גוטע יאָהרען,
פון לאָקאַל, אונזער לאָקאַל — „סעווענטין!״

שטונדען לאַנגע, ווי דער גלות,
שקלאַפען געווען צו דער מאַשין!
דעם שווייס געווישט זיך מיט די פאַלעס
ביז ס׳איז געקומען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

אויף די אַקסלען האָבען מיר געטראָגען,
אונזער אייגענע מאַשין —
ניט געווען צו ווען זיך צו קלאָגען,
ביז ס׳איז געקומען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

געצייג געמוזט אַליין פאַרמאָגען
פאַר דער „עהרע״ צו שקלאַפען ביי אַ שפּין:
שער און נאָדל אין די קעשענעס געטראָגען
ביז ס׳איז געקומען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

הונגער איז געווען אונזער באַלוינונג
אַרבייטס־רעכט האָט ניט געהאַט קיין זין!
ביז וואַנען מיר האָבען אָפּגעמאַכט די מיינונג
צו שאַפען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

טרעהרען געפלאָסען גאַנצע שטראָמען, —
געקרעכצט מיט וועהטאָג האָט דער ריפערמאַכער מין —
אַ קרבן פון עקאָנאָמישע פּאָגראָמען
ביז ס׳איז געקומען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

יעקב י. העללער

מיט פוס־קראַפט האָבען מיר באַטריבען,
די אַלטע צעבראָכענע מאַשין,
אָהן כוחות זיינען מיר פאַרבליבען
ביז ס'איז געקומען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

מיט „דזשוריסדיקשאָן״ האָט מען אונז געשאָלטען,
מען וואַרפט אונז אַהער און אַהין.
אונזערע רייען זיינען אָבער נישט געשפּאָלטען,
עס וועט לעבען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

מיר פאָהרען, מיר פאָהרען און מיר פאָהרען,
טרעפט נאָר, וואו פאָהרען מיר, וואוהין!
צו באַשליסען, אַז נאָך דרייסיג לאַנגע יאָהרען,
זאָל לעבען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!
וועט לעבען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!
מוז לעבען אונזער לאָקאַל „סעווענטין״!

## ברודער געפיהלען

דער קאָפּ איז בלוטיג און געבויגען,
טרעהרען פליסען פון די אויגען!
ברודער! שענק בלויז אַ מינוט —
זעה! עס פליסט זיין ברודער׳ס בלוט!

וואָש גלייך אָפּ די רויטע הענט,
וויש אָפּ די פלעקען פון די ווענט,
הויב אויף דיין ברודער פון דער ערד,
ציה אַרויס פון איהם — דיין טומפּען שווערד.

מאַכסט אַ טעות אין דיין צאָרען,
צוברעכסט דעם טרוים פון דיינע יאָהרען.
וואָרום דער כעס און גערודער?
דער מאַן איז דאָך — דיין אייגען ברודער.

וואָס פליסט פון מויל דיר הייסע פּיענע?
צו וואָס באַשאַפסטו אַזאַ סצענע?
גיב אַ האַנט און זאָל זיין לשום! —
כ׳האָב געטרוימט אַ זיסען חלום . . .

יעקב י. העללער

# משה אָקס

משה אָקס
אַרבייטס ביי קלאָוקס,
אין דער „ביזי" צייט.
קוים ווערט נאָר סלעק,
דאַן ווערט אַ שרעק,
ער טהוט פאַר איינס און שרייט!
ער שרייט אויפ'ן קול,
איינמאָל פאַר אַלע מאָל!
ט'העל מיט דער יוניע!
ט'העל מיט דער יוניע!
„פייקערס" זיינען אַלע דאָרט,
נעהמט אויף דעם מיין עהרען וואָרט.
„ט'העל מיט דער יוניע!
„ט'העל מיט דער יוניע!
אַז קיין אַרבייט איז ניטאָ
דאַן ברענט די יוניע יעדע שעה!
ט'העל מיט דער יוניע!

קוים ווערט נאָר סלעק,
דאַן קומט דער קלעק,
צו דער פינאַנס קאָמיטע,
שטיצע געבען,
אויף צום לעבען,
אין דעם באַשטעהט זיין ביטע.
און קוים ווייזט איהר איהם צוריק,
דאַן שרייט ער ווי אַ ביק:
ט'העל מיט די יוניע, א. אַז. וו.

„מיין יוניאָן — מיין לעבען"

קוים קריגט ביי קלאָוקס,
נאָר משה אָקס,
אַ „דזשאָבעל" וואו צו נייען,
דאַן הערט איהר שוין,
פון איהם אַליין,
גאָר אַנדערע געשרייען.
אַן ערך אָט אַזוי,
איז דאַן זיין אויסגעשריי:
הו־ראַ! פאַר דער יוניע!
הו־ראַ! פאַר דער יוניע!
אָה! די יוניע גיט מיר ברויט,
די יוניע העלפט מיר אין מיין נויט.
הו — — הו־ראַ! פאַר דער יוניע!
הו — — הו־ראַ! פאַר דער יוניע!
קוים וואָגט נאָר יעמאַנד,
עטוואָס זאָגען
אויף דער יוניע —
וועל איך שלאָגען!
הו־ראַ! פאַר דער יוניע!

יעקב י. העללער

# זיגמאַן האָט געהייסען

זיגמאַן האָט געהייסען,
איז געוואָרען אַמאַלגעמיישאָן.
זיגמאַן האָט געהייסען,
איז געוואָרען אַמאַלגעמיישאָן.
פּייער מיט וואַסער צוזאַמענגעבראַכט.
אין הימעל, אויף ד׳רערד האָט מען געלאַכט,
פון דעם אַמאַלגעמיישאָן,
וועלכע זיגמאַן האָט געהייסען.
נאָר זיגמאַן האָט געהייסען —
איז געוואָרען אַמאַלגעמיישאָן!

דער פּרעסער ביים טיר
וועט געבען חייקע קוויטש אַ פּיר
פאַר אַמאַלגעמיישאָן,
וועלען ביידע געהן —
זי וועט פאַרזיכען דעם טעם
פון דעם אַמאַלגעמיישאָן סם.
דאַן וועט איהר הערען
אַ געוויין —
אָי! זיגמאַן האָט געהייסען,
איז געוואָרען אַמאַלגעמיישאָן.
זיגמאַן האָט געהייסען,
איז געוואָרען אַמאַלגעמיישאָן.
פּייער מיט וואַסער צוזאַמענגעבראַכט.
אין הימעל, אויף דר׳ערד האָט מען געלאַכט,
פון דעם אַמאַלגעמיישאָן,
וועלכע זיגמאַן האָט געהייסען.
נאָר זיגמאַן האָט געהייסען —
איז געוואָרען אַמאַלגעמיישאָן!

## ריפּער מאַכער — נאָך זיך ניט זאָרגען

בריִדערלאַך —
נאָר זיך ניט זאָרגען,
גאָט וועט לעבען,
אויכעט מאָרגען.
האָסטו פריינדשאַפט,
ביסטו אימער רייך!
ניט געדאגה'ט,
ניט געטראַכט,
נאָר געשמייכעלט,
נאָר געלאַכט —
און קיינער וועט ניט קענען —
שלעכטס טהאָן אייך!
ווייל פריינדשאַפט —
האָט געבוירען אונז אַצינד —
אַ ליבע —
און אַ מזל'דיגע קינד:
דער „מאיר לאָנדאָן קלאָב".
דאָס האָט אונז גאָט
געשיינקט אַ גאָב.
יונג און אַלט —
אָרעם און רייך,
אין פריינדשאַפט זיינען מיר דאָך גלייך.
ווי אַ מאָל,
אַזוי אויך היינט
אויף אייביג בלייבען
מיר דאָך פריינד.

יעקב י. העללער

# שלאָגט פּאָר אַ רעזאָלוציע

דער קריזיס איז געקומען,
דער קריזיס וועט אַוועק,
איך זאָג אייך גוטע ברידער,
ס'איז אומזיסט געווען דער שרעק.

שלאָגט פּאָר אַ רעזאָלוציע,
מיט אַ „ווערעס", מיט טראָפּ,
און „פּראָספּעריטי" וועט קומען
און וועט קומען „האָרי־אָפּ".

פאַרגיסט נאָר ניט קיין טרערען
אויף די שלעכטע צייטען,
ס'וועט אַלעס בעסער ווערען,
ס'וועט זיך אַלעס איבערבייטען,
שלאָגט פּאָר א. אַז. וו.

די וואָלקענס וועלכע שוועבען,
וועלען באַלד זיך געהן אַ גאַנג,
ס'וועט אַ מחיה זיין צו לעבען,
אונטער פויגעלאָך'ס געזאַנג.
שלאָגט פּאָר א. אַז. וו.

טרייבט אַוועק דעם אומעט,
און פאַריאָגט דעם צווייפעל באַלד,
הערט ברידער ווי עס זשומעט,
דער ווינטעלע אין וואַלד.
שלאָגט פּאָר א. אַז. וו.

זייט נאָר ניט געפאַלען,
גיט ניט אויף די שלאַכט,

„מיין יוניאָן — מיין לעבען"

**הערט די טרומייטערס שאַלען,**
**ס'וועט נאָך גרויס זיין אונזער מאַכט.**
**שלאָגט פאָר א. אַז. וו.**

**מאַרשירט גרויסע באַטאַליאָנען,**
**דער שונא איז שוין מיד,**
**הויבט אויף הויך די פאָהנען,**
**און זינגט מיט מיר די ליד:**

**ס'איז דאָ אַ רעזאָלוציע,**
**מיט דעם „ווערעס" מיט טראָפּ,**
**„פּראָספּעריטי" איז געקומען,**
**און זי שטעלט זיך מיט אונז אָפּ! . . .**

יעקב י. העללער

# יאָשקע גערגעל

(געזונגען מיט אַ כריפּ און אַ סקריפּ)

וואָס טויג מיר אַ באַיאמטער,
וועלכער פאָלגט ניט מיין שגעון,
אַזאַ מין סאָרט באַיאמטען,
צוקייע איך אויף אַ צאָהן.
יעך צוקיין איהם!
יעך פאַרשפּייע איהם!
יעך פאַרשרייע איהם!
ווייל ווייסט איהם ווער איך בין?
אויב איהר קענט מיך קיינער ניט,
דאַן האָט עס ניט קיין זין,
איך בין יאָשקע גערגעל!
ווייסט איהר ווער איך בין אַזוינס?
איך בין יאָשקע גערגעל,
אַ שרייער פון לאָקאַל איינס!

יעך בין געוועזן אַ לינקער,
אַ רעכטער אויך געווען,
יעצט בין איך אין הינהער פּלעט,
כ׳וויס ניט וואָס עס איז געשעהען,
נאָר איך מוז שרייען!
מען מוז באַנייען!
מען מוז באַפרייען!
ווייל ווייסט איהר ווער איך בין?
אויב איהר קענט מיך קיינער ניט,
דאַן האָט עס ניט קיין זין!
איך בין יאָשקע גערגעל!
ווייסט איהר ווער איך בין אַזוינס?
איך בין יאָשקע גערגעל,
אַ שרייבער פון לאָקאַל איינס!

„מיין יוניאָן — מיין לעבען"

ווען די רעכטע געהען סטרייקען,
בלייב איך זיצען אויבען אָן,
ווען די לינקע רופען אין קאַמף צו, צו,
שטעל איך מיין דזשאָבעל ניט אין קאַן,
ווייל איך זוך פרייהייט!
איך זוך נייעהייט!
איך זוך טרייהייט!
ווייל ווייסט איהר ווער איך בין?
אויב איהר קענט מיך קיינער ניט,
דאַן האָט עס ניט קיין זין,
איך בין יאַשקע גערגעל!
ווייסט איהר ווער איך בין אַזוינס?
איך בין יאַשקע גערגעל,
אַ שרייער פון לאָקאַל איינס!

יעקב י. העללער

# אָי, וועה איז מיר אַ בראָך

אָי, וועה איז מיר אַ בראָך.
אָי, וועה איז מיר אַ בראָך.
די „יוניע" צווינגט אונז,
צו אַרבייטען פון וואָך.
ניטאָ קיין פרייהייט מעהר.
אַרבייטען מוז מען שווער.
אַ שקלאַף זיין —
יעדען טאָג אין יאָהר . . .
נו — ווינט־זשע אַלע אין כאָר:
וואו־זשע וועלען מיר
קריגען פאָרט,
ענטפערט אַלע,
אין איין וואָרט:
די 14 מאַשינען,
וועלען מיר האָבען אין זינען.
דער סאָב־קאָנטראַקטאָר,
וועט בלייבען דער פאַקטאָר.
און פון דער „גראַנאַטיע"
אַן עבירה אונזער מיה! . . .

## אַנטוישונג

דו האָסט מיך געליבט,
און פאַרלאָזען.
און אַפילו קיין זיי־געזונט געזאָגט.
ווי דער ווינטעל,
וואָס האָט דאָרט געבלאָזען,
ווי דער פריהמאָרגען,
וואָס האָט דאָרט געטאָגט.

דו האָסט מיך געליבט,
און פאַרשוואונדען,
דו האָסט מיך געליבט,
און אַנטוישט.
אָה — ווי שמערצליך
עס זיינען די וואונדען,
נאָכדעם ווי דו האָסט מיך,
מיט דיין ליבע באַרויבט.

נאָר יעצט וויל איך דיר זאָגען
איין זאַך,
אָבוואָהל איך האָב דיר
פילעס און פילעס צוזאָגען.
מיך אַרט ניט ווען אין דיר,
זאָל עס זאָגאַר ערוועקען אַ לאַך:
זיי ויסען: איך בין טרויעריג,
מעלאַנכאָליש! נידערשלאָגען!

און קום קעהרסט זיך ניט,
באַלד אום צוריק,
דאַן וועל איך מיר דער שנעלקייט,
פון אַ ברויזענדער כוואַליע,
זיך קויפען
אַ שטארק־געפלאָכטענע שטריק,
און זיך אויפהיינגען! —
אויף אַן אַנדערער כלה.

יעקב י. העללער

# פרייע ליבע

טהייערע מיידעלע:
האָסטו מיך ליב,
טאָ ערקלעהר עס מיר אָפען.
באַהאַלט ניט דיין ליבע פון מיר.
טהייערע מיידעלע, זאָג:
קען איך נאָך האָפען
אין צייטען פון ביינקשאַפט,
אין מאָמענטען פון טרויער —
אויף דיר? . . .

ווי? דו קענסט מיך ניט הייראַטען!
און די אורזאַכע דערפון?
אַה! שעהמסט זיך צו זאָגען!
יאָ! ווייל איך האָב ניט קיין געלט!
און דו האָסט עס
ווילסט זיך ניט פּלאָגען,
און אָפּפינסטערען פאַר אַ קבצן —
דיין וועלט.

אָבער ליב, האָסטו מיך דאָך יאָ!
און זיין נאָהענט לעבען מיר,
ווילסטו דאָך אויך!
און קושען און האַלדזען,
אַז עס זאָל געהן אַ רויך!

אויב אַזוי האָב איך אַ פּלאַן,
ווי אַזוי מיר קענען,
פון לעבען געניסען:
דו קענסט זיך הייראַטהען,
אַן אַנדערען מאַן,
און איך וועל דיר ליבען —
אַז ער זאָל ניט וויסען! . . .

# האָפענונג

1

יעטווידע נאַכט
ערוואַרט איך דיר דאָרט,
אויפ׳ן זעלביגען פּלאַץ,
אויפ׳ן זעלביגען אָרט.
כאָטש איך הער ניט דיין קול,
און הער ניט דיין וואָרט,
דאָך יעטווידע נאַכט,
ערוואַרט איך דיר דאָרט.

2

איך שטיי אַן אַנטוישטער,
איך קען ניט פאַרשטיין,
וואָרום דו קומסט ניט צופליען,
וואָרום דו קומסט ניט צוגעהן.
וואָרום דו הערסט ניט די שטימע,
וועלכע „געליבטע״ דיך רופט,
וואָרום דו פילסט ניט דעם רייץ,
וואָס איך שיק דורך דער לופט,
וואָרום דו לאָזט מיך אין עלענד,
אין איינזאַמקייט שטעהן,
וואָרום דו קומסט ניט צו לויפען
וואָרום דו קומסט ניט צוגעהן!

3

יע, יעטוועדע נאַכט,
אויפ׳ן זעלביגען אָרט,
ערוואַרט איך געליבטע,

דו זאָלסט קומען זאָפאָרט,
און פיהלען דאָס טאָכקען
פון מיין פייערדיג ברוסט,
און געניסען מיין ליבע,
מיט דיין יוגענדער לוסט.
נאָר קיינמאָל, און קיינמאָל,
ווערט מיין וואונש ניט ערפיהלט,
מיין חלום פאַרווירקליכט,
און מיין ליבע געשטילט.

4

און דאָך! הער נאָר אַ סוד!
איך זאָג: דו ביזט מיינע,
ווייל מיין פאָרשטעלונגס קראַפט,
איז רייך פונקט ווי דיינע.
איך שטעל מיר זיך פאָר,
אַז דו ביסט מיט מיר,
און מיר לעבען און לאַכען,
און געניסען אָן שיעור . . .

5

איך נעהם דיך אַרום,
און טו דיר אַ בעט,
איך גיב דיר אַ קוש,
דו גיסט מיר אַ גלעט,
יעטווידע פאַלשקייט,
געגען נאַטור,
רייס איך אַרונטער,
און לאָז ניט קיין שפּור.
דיין יעטוועדען אבר,
דיין יעטוועדע גליד,
קוש איך און קוש,

און פיהל זיך ניט מיד.
דיינע ליפּען אין מיינע
נעהם איך אַריין —
כ׳ווער פאַר׳שיכור׳ט פון ליבע —
ווי פון אמת׳ן ווין . . .

6

מיר ווערען באַצויבערט
פון ליבעס געווס.
עס פאַרשווינדעט דער אומעט,
מיר פאַרגעסען פאַרדרוס.
אין דיינע אויגען געפין איך
קוואַלען פון גליק,
און לעבען דערפיהל איך
אין דיין רייצענדען בליק.
דו באַוועגסט זיך מיט ליבע,
דו טוליעסט זיך איין,
דו שושקעסט: געליבטער,
כ׳וועל אייביג דאָ זיין.
די שטערען, די הימלען
שיקען אַ גרוס,
עס ערוואַכען פאַרלאַנגען —
פון רייץ און געווס.

7

דיינע ליפּען מיט מיינע —
באַשאַפען אַ קלאַנג,
פון אַ געטליך סימפאָניע,
פון נשמה געזאַנג.
דו קוקסט מיט אַ חן,
מיט אַ לאַשטשענדען בליק — —
איך בעט אַז דער חלום,
זאָל קומען צוריק.

# איך שרייב ווי איך פיהל

(כמעט אַ באַגריסונג)

איך דאַנק אייך זעהר פאַר דער איינלאַדונג צו שרייבען אַ קורצע באַגריסונג צום 50־יאָהריגען יובילעאום פון דער קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן פון ניו יאָרק — אונזער יעצטיגער לאָקאַל. איך נעהם אָן אייער פריינדליכע איינלאַדונג מיט פאַרגעניגען. איהר ווערט מיר אָבער מוזען פאַרצייהען ווען מיין שרייבען ווערט איבערלאָזען שפורען פון די געפיהלען וועלכע גרייפען מיך פעסט איין זייער אומארמונג, און האַלטען באַרמלאָז געפאַנגען מיין שמייכעל און באַגייסטערונג פון אַמאָל. איך שרייב ווי איך פיהל. איך קען ניט אַנדערש . . .

פופציג יאָהר!! דאָס איז דאָך אַ הורבע מיט יאָהרען! נאַר וואָס רעד איך דאָ גאָר פון יאָהרען? פופציג יאָהר איז דאָך אַ גאַנצער לעבען! נאָר עס רעדט זיך אַזוי אַ לעבען! וואָרום בלויז איין לעבען? פופציג יאָהר איז דאָך אַ פעריאָדע פון לעבען, שטערבען און אונטערגאַנג פון טויזענדער און טויזענדער לעבענס פון אונזערע רייען . . .

נאָך איידער איהר, און איך און די מעהרצאָל פון אונז זיינען געבוירען געוואָרען, האָבען שוין אָרימע מענשעלאך, אומרוהיגע נשמות, שטרעבענדע גייסטער, זיך געשוויבעלט און געגריבעלט און געזוכט וועגען און מיטלען צו פאַרבעסערען די לאַגע פון דעם קלאָוקמאַכער פון אַמעריקע. זיי האָבען געלעבט און געשטרעבט און געטרוימט און . . .

וואו זיינען זיי יעצט? וויפיל פון די ערשטע טרוימער זיי־נען נאָך דאָ אויף אונזער זינדיגער וועלטעלע! און וויפיל פון די איבערגעבליבענע זיינען נאָך פאַרבליבען באַגייסטערט מיט די אידעאַלען פון זייערע יונגע יאָהרען? און וויפיל פון אייך ערשטע דורות, ערשטע קעמפער, קלאָוקמאַכער זיינען אַוועק פון אונז אַנטוישטע און פאַרצווייפעלטע?

ענטפערט אַ וואָרט מאַרטירער! זאָגט ווי פיהלט איהר יעצט אין אייער געטליכער פאַרוואַנדלונג — נאָך פופציג יאָהר פון עקספערימענטען מיט אייער אַרבייט? . . .

אָט ערשיינט פאַר מיינע אויגען ש ל ע ז י נ ג ע ר — דער האַרציגער פרעדיגער און דער אַרכיטעקט פון אונזער מעכ־טיגער אינטערנעשאָנאַל; ב אַ ר אָ ף, — דער קוואַל פון גע־פיהל און סימפּאַטיע; ז י ג מ אַ ן, — דער שטאַרקער, אונבויג־זאַמער קעמפער; ל אָ נ ד אָ ן, — די לויטערע נשמה, די שיי־נענדע זון אין די הערצער פון די מאַסען. ה י ל ק ו ו י ט, — דער קוואַל פון אונזערע געדאַנקען און טעאָריעס; ר אָ ז ע נ־ב ע ר ג, ג ר אָ ס מ אַ ן, פּ אָ ל אַ ק אָ ף. ב אַ ר אָ נ־ד ע ס און אַנדערע פיהרער און וועגווייזער. פון זייערע קינדער־יאָהרען אָן — די שעהנע ליבליכע קינדער־יאָהרען — ביז זייער לעצטען אָטעם־צוג, האָבען זיי געהאָפט, געשטרעבט, געטרוימט, געקעמפט, געהאָוועט, געליטען, געזאָרגט, געפּלאַנט, געבויט, א י ב ע ר ג ע ב ו י ט, און איבערגע׳חלום׳ט, חלומות פאַר די קלאָוקמאַכער און זייער יוניאָן און זיינען אַוועק . . .

ווי אַזוי קען איך א י י ך, היסטאָרישע העלדען, שיקען מיין באַגריסונג אַצינד. איהר זייט דאָך שוין מעהר ניטאָ מיט אונז . . .

און ווי אַזוי זאָל מיין באַגריסונג זיין צו אייך און צו אייערע פאַרגאַנגענע דורות? זאָל איך אייך דאַנקען פאַר אייער גוטער אַרבייט? זאָל איך אייך קריטיקירען פאַר אייערע פעהלערען, אָדער זאָל איך גאָר דערצעהלען אַן אומעטיגע און פאַרדריסליכע געשיכטעלע: אַז נאָך פופציג לאַנגע יאָהרען פון אַרבייט, פון קאַמף, פון ליידען און פון הונגער, פאַרגיסט נאָך דער פאַרפאַלגטער קלאָוקמאַכער אַלץ אַביטערע טרעהר אויף זיין טראַגישער לאַגע. דער קאַמף איז נאָך ווייט ניט פאַרענדיגט. נייע און נייע קרבנות וועלען נאָך מוזען פאַלען . . . מעהר און מעהר טרערען וועלען נאָך פאַרגאָסען ווערען . . . ימים בלוט וועלען נאָך פליסען, אונ־צעהליגע לעבענס וועלען נאָך אויסגעלאָשען ווערען ביז אונזער עקאָנאָמישע לאַגע וועט ווערען ערטרעגליך און מנשלאַך . . .

איך קוק אויף אַ שעהנער לאַנדשאַפט אין זומער. די גראָז איז

גרין און דופטיג. די בלומען פול מיט קאָליר און פאַרב און פאַרשפּרייטען אַן ערקוויקענדען אַראָמאַט. די בוימער זיינען באַ־דעקט מיט גרינע זאַפטיגע בלעטער. איך אָטעם איין די פרישע, ערקוויקענדע לופט און באַוואונדער די נאַטור פאַר איהר וואונדער־באַרער מייסטערווערק — די געטליכע לאַנדשאַפט. אָבער באַלד דערמאָן איך זיך, אַז די גרינע גרעזלאַך פון לעצטען זומער זיינען שוין לאַנג פאַרוועלקט געוואָרען; אַז די גרינע בלעטער וועלען באַלד צוטראָגען ווערען פון ווינט פאַרוויאַנעטע און פאַרטריקענטע; די בלומען וועלען אָנווערען זייער דופט און מיט געבויגענע קעפּ וועלען זיי קרעכצען אויף זייער שיקזאַל. די לאַנדשאַפט וועט בלייבען אויף אייביג, אָבער איהרע באַצירער און באַפּוצער, די גראָזען, די בלומען, די בלעטער, די מורמלענדע וואַסערען, וועלען קומען און געהן, געהן און קומען אין אַן אייביגער ווידערהאָלונג פון געבורט און טויט, פון לעבען און פאַרניכטונג — ביז דער אונענדליכקייט . . .

די קלאָוק אָפּערייטאָרס יוניאָן איז געגליכען צו דער לאַנד־שאַפט. זי וועט עקזיסטירען כל זמן עס וועט זיין אַ נוצליכקייט פאַר איהר. זי איז שטאַנדהאַפטיג, דויערענד און מעכטיג. בלויז איהר באַפעלקערונג וועט זיך האַלטען אין איין ענדערען, ווי די גראָזען און בלומען פון דער לאַנדשאַפט . . . ווי די וואַסערען פון דער טייכעלע. אַ דור וועט קומען, אַ דור וועט געהן . . . די אָרגאַניזאַציע וועט לעבען אויף די לעבענס פון איהרע מיטגלידער, לעבען אייביג. נאָר מיר? מיר וועלען מוזען אָפּטרעטען צו אַנדערע . . .

* * *

איך וויל גריסען די פאַרגאַנגענע און געוועזענע דורות מיט אַ געפיהל פון עהרפורכט. ווי גרויס עס זיינען געווען אייערע ליי־דען און אָפּפער און ווי קליין און נישטיג אייער גענוס פון לעבען!

איך וויל גריסען דעם יעצטיגען דור קלאָוקמאַכער און זיינע פיהרער מיט אַ געפיהל פון ערמוטיגונג. זייט ניט אַנטוישט מיט דער צייטווייליגקייט פון לעבען. ווער ווייס די סודות פון לעבען און ווער קען באַשטימען זיינע צוועקען. לעבט און שטרעבט און

טרוימט און בויט כל זמן דער לעבען טרייבט אייך מיט דעם זיסען אימפּעט פון לעבען.

צו די צוקונפטיגע דורות, וועלכע וועלען קומען נאָך אונז, שיק איך מיין ברכה, אַז זיי זאָלען האָבען גרעסערען ערפאָלג ווי מיר יעצט. זאָל זיי געלינגען צו אָפּווישען דעם אַרבייטערס טרעהר אויף אייביג. זאָלען זיי ווי אַמשנעלסטען אָנצינדען אַ ליכט פון גליק אין די היימען פון אַלע קלאָוקמאַכער, און זאָל די ליכט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען ווערען.

רעדענדיג וועגען דעם צוקונפטיגען דור, דערמאָן איך זיך, אַז ווען דיזע שורות וועלען געדרוקט ווערען, וועלען מיר אַלע זיין אויפ׳ן שוועל פון פריהלינג, און איך פיהל שוין וואַרימער און פרעהליכער. מיין האַרץ זינגט זיך אַ שטילע און פרעהליכע לידעלע:

בויער, בויער קומט אַהער!
אַ שטאַרקען בנין שאַפען.
קעמפער, קעמפער — צום געוועהר —
צו באַפרייען אַלע שקלאַפען.

יונגע קינדער, מיט געזאַנג,
וויקעלט אויף די פאָהנען.
האָפענונג, זאָל זיין דער קלאַנג,
אין די הערצער פון מיליאָנען.

וואָס געוועזען איז אַוועק,
זאָל אַנטוישונג אייך ניט שטערען.
קומט און מאַכט איין מאָל אַן עק —
צו אומעט און צו טרערען...

* * *

אַ פופציג יאָהריגער יובילעאום! איין קלייניגקייט! מאַרך און ביינער און טרערען, און געזאַנג און פרייד און אומעט, לעבען און אומרוה, פאַרלאַנגען און באַגעהרען און אַנטוישונגען — זיינען איינגעוועבט אין יעדער ציגעל פון דיין יוניאָן — קלאָוקמאַכער. היט זי! ליב זי! און באַשיץ זי! מיט אַלע דיינע קרעפטען...

אַנטשולדיגט: איך שרייב ווי איך פיהל...

יעקב י. העללער

# קאַנדידאַטען לויפען

קאַנדידאַטען לויפען,
פרעגט־זשע אַוואוהין?
זיי לויפען צום קאָנווענשאָן,
זיי לויפען אָט אַהין!

חיים איז ניט דערלאָפען.
ער האָט שלעכט געשפילט די „גיים”
אַן אומגליק האָט געטראָפען,
ער איז געבליבען אין דער היים!
קאַנדידאַטען לויפען, א. אַז. וו.

די טעלערעל פאַרשפּראָכען,
איבערגעקעהרט אַ וועלט.
די יוניאָן שיעור צובראָכען,
און אין דער היים זיך אָפּגעשטעלט!
קאַנדידאַטען לויפען, א. אַז. וו.

מען קען ערגער ניט באַשטראָפען,
חיים־יאָשקע כוואַט.
ער איז געלאָפען און געלאָפען,
און איז נאָך אַלץ אַ קאַנדידאַט!
קאַנדידאַטען לויפען, א. אַז. וו.

# פופציג . . .

פופציג . . .
וואו האָב איך
געהערט דאָס וואָרט ?
ווי ווייט בין איך שוין,
פון דעם אָרט?
פופציג . . .

פופציג . . .
כ׳ווייס ניט וואָס,
דאָ איז געוואָרען?
עפּעס רעדט מען גאָר,
פאַראיינס פון יאָהרען ?
פופציג . . . פופ . . .

דער זאָגט יונג,
דער זאָגט אַלט,
דער זאָגט וואַרעם,
יענער קאַלט . . . —
און מיינט עס אפשר —
ענדע באַלד?. . .
פופציג ! פופצ . . .

פופציג . . .
פופציג יאָהרען,
אַלט געוואָרען.
עט, גאַנץ ווייט,
שוין אָפּגעפאָהרען!!
פופציג, פופציג . . .

יעקב י. העללער

ווי פון אַ נאַסען,
טיפען טאָל,
קרעכצט אַרויס,
אַ יאָמער קול:
ביסט שוין פופציג!
פּאַק דעם פעקעל,
כאַפּ דעם זעקעל,
אָן אַ קנעפּעל,
אָן אַ העקעל,
מאַך זיך גרייט,
יונגערהייט . . .
עס רופט דיר . . .
טויט? ? . . .
פופציג!!. . .

פופציג . . .
וואו האָב איך,
געהערט דאָס וואָרט?
ווי ווייט בין איך,
פון לעצטען אָרט?
פופציג . . .

שאָטענס שוואַרצע
גייט אַוועק!!
וואַרפט ביט אָן,
אויף מיר קיין שרעק —
איך בין ערשט — פופציג . . .
לאָמיר טאַנצען,
לאָמיר זינגען
יוגענד טענער,
זאָלען קלינגען —
פופציג! פופציג!

„מיין יוניאָן — מיין לעבען“

לאָזט מיר גלויבען,
לאָזט מיר שטרעבען,
לאָזט מיר האָפען,
לאָזט מיר לעבען —
איבער פופציג . . .

פרייט זיך אַלע,
גוטע פריינד,
ס'איז אַ שמחה,
ביי מיר היינט:
פופציג ! —

אָט נעכטען,
דאַכט זיך,
יונג געווען.
אָט נעכטען,
איז עס —
דאָך געשעהן,
און — שוין פופציג. . .
ווען די קערפּער,
וועט זיך בויגען,
ווי אַ זאַנג —
אין ווינט זיך בויגען,
וועט ליכט זיך שטראַלען,
אין די אויגען.
פון דיזער פייערונג —
אַ פּראַכט —
פון דער נשמה'דיגער
נאַכט — —
פין. . . פופציג . . .

# די גרויסע דעבאַטע

(אַ רחמנות בילד אין צוויי טהיילען)

## ערשטער טהייל

היימאַן בעאַמטער איז באַוואוסט אין זיין יוניאָן אַלס אַ גרוי־סער דעבאַטאַנט. ניט איינמאָל האָט שוין זיין שאַרפער צונג, זיין קלינגענדע שטימע, און זיינע קלוגע און לאָגישע אַרגומענטען, זיינע געגענער באַזיגט. האָט דער עולם נאָר געוואוסט, אַז היימאַן בע־אַמטער וועט געהן האָבען אַ דעבאַטע, האָבען זיי גלייך דעם זאַל אָנגעפילט; געזוכט די ערשטע שטולען צו פאַרכאַפּען אום צו האָבען די געלעגענהייט זיך אָנצוזאַפּען מיט די גאָלדענע, ערפרי־שענדע ווערטער פון היימאַן בעאַמטער. עס איז אַן אָפענער סוד, אַז די גרעסטע רייכטום וואָס היימאַן בעאַמטער פאַרמאָגט, און וואָס האָט אים צו זיין יעצטיקער הויכער שטופע אַרויפגעצויגען, איז זיין צונג. אַי, איז ער אַ רעדנער און דעבאַטאַנט.

אָבער מיינט ניט, אַז די גרעסטע, אינטערעסאַנטסטע און ערנסטע דעבאַטע וואָס היימאַן בעאַמטער האָט ווען אָפּגעהאַלטען איז געווען איינע פון די, מיט וועלכע די מעמבערס זיינען באַ־קאַנט. זיין בעסטע דעבאַטע וואָס ער האָט ווען אָפּגעהאַלטען און צו וועלכער ער האָט זיין גרעסטע אויפמערקזאַמקייט געשענקט, איז געווען די, וועלכע קיינער האָט נאָך ניט געהאַט די זכיה צו הערען און וועלכע, ווי מיר דאַכט, וועט קיינמאָל ניט געהערט ווערען.

ווייל ווייסט איהר מיט וועמען ער דעבאַטירט זעהר אָפט און זעהר שטאַרק? מיט זיין אייגענער נשמה. שוין פאַר מאָנאַטען, אַז ער האַלט זיך אין ראַנגלען מיט איהר. דאָס אירדישע אין איהם ציהט איהם אין איין ריכטונג און זיין נשמה אין אַן אַנדער ריכטונג. ווער עס וועט זיגען איז נאָך ביז היינטיגען טאָג גע־בליבען אומבאַשטימט. עס איז גאַנץ מעגליך, אַז די שטימע פון זיין נשמה זאָל מיט דער צייט פאַרשטיקט ווערען און היימאַן באַ־

אַמטער זאָל אָוועק אַהין, וואו פילע אַנדערע פאַר איהם זיינען גע־גאַנגען.

נאָר כדי איהר זאָלט פאַרשטעהן וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, וועט נויטיק זיין איבערצוגעבען אין קורצען די לעבענס גע־שיכטע פון היימאַן בעאַמטער. אין רוסלאַנד איז ער געווען אַ רעוואָלוציאָנער. אין אַמעריקע איז ער געוואָרען אַן אָפּערייטאָר ביי קלאָוקס. די שווערע אַרבעט האָט אָבער זיינע געדאַנקען ניט פאַרטויבט. ער האָט פאָרטגעזעצט זיין כלל אַרבייט דאָ אין אַמע־ריקע. ער איז געוואָרען זעהר טהעטיג אין דער יוניאָן און ביי יעדען מיטינג האָט איהר איהם געזעהן אויפ'ן פּלאַטפאָרמע. אַמאָל האָט ער קריטיקירט, אַמאָל האָט ער געלויבט, מאַנכעס מאָל האָט ער פאָרגעשלאָגען נייע פאַרבעסערונגען און אַזוי איז ער געוואָרען באַוואוסט צו אַלע אַרבייטער פון זיין פאַך.

ווען עס האָט זיך מיט איניגע יאָהר צוריק געמאַכט אַ וואַ־קאַנסיע צוליב דעם, וואָס אַן אַלטער ביזנעס אַגענט האָט רעזיג־נירט, איז דאַן געוועהן ניט מעהר ווי נאַטירלאַך, אַז אַלעמענס אויגען זאָלען פאַלען אויף איהם. אַ טעטיגער מעמבער און נאָך אַ גוטער רעדנער דערצו. וואָס דאַרף מען האָבען מעהר? האָבען איהם די מעמבערס מיט הויכע שטימען אין אַ כאָר נאָמינירט; און אַלע האָבען מיט אַ ריטמישען געשריי אונטערשטיצט; און אַלע האָבען איינשטימיג אויסגעשריען: „דאַפיר" און דאַמיט איז היימאַן בעאַמטער ערקלערט געוואָרען אַלס איינשטימיג ערוועהלט ביזנעס־אַגענט פון לאָקאַל 1813. דערנאָך האָבען אַלע מעמבערס לאַנג געפּאַטשט בראַוואָ, און דערנאָך האָט היימאַן געהאַלטען אַ געלונגענע רעדע, אין וועלכער ער האָט צוגעזאָגט צו געבען דאָס בעסטע אין איהם צו די, וואָס האָבען איהם זייער צוטרויען גע־שענקט, און אַלע האָבען ווייטער אַפּלאָדירט, לאַנג און האַרציג, און דערמיט האָט זיך דער מיטינג געשלאָסען.

* * *

פאַר היימאַן בעאַמטער איז יענער אָווענט געבליבען לאַנג איינגעקריצט אין זיין זכרון. זיין ערהויבונג אַלס בעאַמטער פון זיין יוניאָן האָט ער געהאַלטען פאַר דעם גרעסטען ערפאָלג אין

זיין לעבען, מעהר, האָט זיך איהם געדאַכט, דאַרף גאָר קיין מענש ניט האָבען.

און, צוריק גערעדט, וואָרום זאָל ער ניט זיין צופרידען מיט זיין ערוועהלונג? אַז ער האָט עס באַטראַכט פון אַ גייסטיגען שטאַנדפונקט, האָט ער בלויז געקענט זעהן איין זאַך: אַ געלעגענהייט אַרויסצורייסען זיין נשמה פון דער שאַפּ־אַטמאָספּערע און איהר אַריינברייגנען אין אַן אומגעבונג פון לויטער ריינקייט און זויבערקייט. דאָס אַליין האָט ער געהאַלטען פאַר דעם גרעסטען גליק פון זיין לעבען. פאַרגעסט ניט, אַז היימאַן בעאַמטער האָט, אָפּגעזעהן פון אַלע זיינע לויב־געזאַנגען צום אַרבייטער קלאַס, מאַנכעס מאָל זיך ניט געקענט צופּאַסען צו די מאַנירען פון שאַפּ. ער האָט, צום ביישפּיל, ניט געגליכען די „וויצען" פון שאָפּ. איהם האָט איינפאַך געעקעלט זיי צו הערען, ווייל לויט זיין באַגריף זיינען זיי געווען ניט אײדל גענוג פאַר אינטעליגענטע און קלאַסען־באַוואוסטע אַרבייטער. ער האָט, צום ביישפּיל, ניט געקענט צוזעהן די חכמות פון אונטערשטעלען איינעם אַ „ספּול" פאָדים אויף דעם שטול וואו ער דאַרף זיך זעצען, אָדער וואַרפען אַ פּעקעל אייף איינעם, אָדער איבערדרייען איינעם די נאָדעל אַז זיין מאַשין זאָל רייסען די פאָדים, אָדער דעם קונץ פון איבערדרייען דעם רימענעם פאַס פון רעדעל פון איינעמס מאַשין, אַזוי אַז די מאַשין זאָל לויפען אויף צוריק. איהם האָבען אָט די אַלע זאַכען, אין וועלכע אַ גרויסער טייל פון די אַרבייטער האָבען געפונען אַ צופרידענשטעלענדען צייט־פאַרטרייב, אויסגעקוקט ווילד און מאַנאַטאָן. דאָס איז איין זאַך.

איהם איז אויך געווען שווער צו פאַרטראָגען די באַהאַנדלונגען פון פאָרמאַן. צום שלים־מזל איז ער ניט געווען פון די בעסטע בעלי־מלאכות, אויך ניט פון די מיטעלע. ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, אַלס אַרבייטער איז ער געווען פאַררעכענט ווי די אַרבייטער אין שאַפּ פלעגען זיך אויסדריקען אַלס אַ „וויסטער קאַליקע". ווען ער פלעגט אַרויסגעבען צען שטיק אַרבעט, פלעגט ער האָבען צוואַנציג צו „פּיקסען". דער פאָרמאַן, אַבוואָהל ער האָט איהם זעהר רעספּעקטירט, און האָט איהם ניט געגעבען די זעלבע פאַרציע זידעל ווערטער, וואָס אַנדערע פלעגען אַריינכאַפּען

פאַר דעם זעלבען פאַרברעכען, האָט אָבער ניט געשוויגען. ער פלעגט איהם אַזוי מיט גוטע ריידעלאַך דערגעהן די יאָהרען. ווייל פאַרגעסט ניט, אַז היימאַן בעאַמטער אָדער נומער 36 פון שאַפּ, איז געווען אַן עמפּפינדליכער וועזען. זיין נשמה פלעגט דערפיהלען דעם קלעב־סטען אָנגריף אויף זיין מענשליכקייט און אויף זיין אונאָפּ־הענגיקייט. ווען דער פאָרמאַן פלעגט איהם זאָגען, צוםביישפיל: „נומער 36, איהר האָט גאָלדענע הענט, נאָר אָן מזל", פלעגט ער אין דיזען סאַרקאַזם דערפיהלען דעם גרעסטען שטראָף וואָס אַ מענש מיט געפיהלען, מיט פאַרשטאַנד קען קריגען פאַר זיין אָרימקייט. ער פלעגט דאַן ווערען אַן אויפגערעגטער. ער פלעגט זיך פיהלען ווי אַ וואָרים וואָס מוז מאַכען אַ לעבען פון מענשליכען אָפּפאַל. ער פלעגט אין זיך דערזעהן אַ בהמה וואָס מוז זיך לאָזען מעלקען פאַר די ביסעל קלייען וואָס זי קריגט. האָט איהר שוין צוויי זאַכען.

און ווידער האָט איהם זעהר געפרעהט דער געדאַנק וואָס דורך זיין ערוועהלונג האָט ער ענדליך געקראָגען אַ געלעגענהייט צו אַנטוויקלען אַלע זיינע פעהיגקייטען. נאָך אַלעמען קען אַן אַר־בייטער אין שאַפּ פיל ניט אויפטאָן נאָך אַ שווערען טאָג אַרבייט. ער קומט אַהיים אַ מידער, אַ דערשלאָגענער און איז גערען ווען זיין קערפּער דערפיהלט די בעט און גיט אַביסעל רוה זיינע צעבראָכענע גלידער. עס איז דערפאַר זעהר שווער פאַר אַן אַר־בייטער פון שאַפּ צו געפינען צייט גענוג, וועלכע ער זאָל קענען אָפּגעבען פאַר אַ סיסטעמאַטישער בילדונג. אַלס ביזנעס־אַגענט, האָט ער זיך געטראַכט, וועט ער אַלע שבת נאָכמיטאָג, אַלע זונטאָגס און אויך מנכע אָווענטען פון וואָך אָפּגעבען פאַר לערנען זיך. ער וועט זיך לערנען ריידען ענגליש גוט; ער וועט שטודירען די היסטאָריע פון דער אַרבייטער־באַוועגונג; ער וועט לעזען צייַ־טונגען און זשורנאַלען; ער וועט נאָכפאָלגען די אַלע וויכטיגע פאַסירונגען אין דער אַרבייטער וועלט; ער וועט זיך באַקענען מיט דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט און אַזוי אַרום וועט ער גע־בען די נויטיגע שפּייז זיין נשמה נאָך וועלכע זי האָט אַלע יאָהרען געלעכצט.

ער האָט זיך אויך פאַרגעשטעלט אַ הערליך בילד פון דער

נייער באַקאַנטשאַפט וואָס ער וועט זיך מאַכען, און וועגען דער נייער געזעלשאַפט אין וועלכער ער וועט דורך זיין אַמט אַריינ־קומען. ער וועט זיך באַקענען מיט שלעזינגער׳ן, מיט באַראָף׳ן, מיט זיגמאַנ׳ען און מיט נאָך און נאָך גרויסע גענאָסען. ער וועט תמיד זיין אין זייער געזעלשאַפט. זיינע פרייע מינוטען וועט ער מיט זיי פאַרברייינגען. אָנפאַנגס וועט ער זיך מיט דער גרעסטער התמדה איינהערען צו אַלעס וואָס זיי וועלען ריידען. ער וועט איינשלינגען יעדען וואָרט וואָס זיי וועלען אַרויסריידען. נאָכהער וועט ער אויך עטוואָס זאָגען, ביז ער וועט מיט זיי ווערען גוט באַקאַנט און ער וועט פיל לערנען פון זיי. דאַן וועט ער מיט זיי דעבאַטירען, דיסקוטירען און אַרומריידען אַלע וויכטיגע פראַגען, געזעלשאַפטליכע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע. אַזוי אַרום וועט ער מיט דער צייט ווערען אַ פאַקטאָר אין דעם אידישען געזעל־שאַפטליכען לעבען. אָ, וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער טרוים!

וועגען דער מאַטעריעלער לאַגע זיינער האָט ער גאָר ניט גע־וואָלט טראַכטען. וואָרום וואָס האָט ער געהאַט צו פאַרלירען? דעם שאַפּ מיט זיין „ביזי" און „סלעק"? די אָרימע פאַרדינסטען וואָס ער האָט מיט זיין ביטערען שווייס געמאַכט? די „דזשאָבּ"־זוכעניש? די „העפליכקייט" פון די פאָרלייטע? זיין טעגליכען שפּאַציר אויף פינפטע עוועניו? וואָס? די סאַניטאָרע באַדינ־גונגען פון די שעפּער אין וועלכע ער האָט געאַרבעט? דער געיעג נאָך אַ „באָנדל" אַרבייט?

היימאַן בעאַמטער איז געווען צופרידען מיט זיין נייער לאַגע. וועגען דעם קען קיין צווייפעל ניט זיין. די איינציגע זאַך וואָס האָט איהם אָנפאַנגס געשראָקען איז געווען זיין אומבאַקאַנטשאַפט מיט די פּראַקטישע פליכטען פון זיין אַמט.

ס׳איז אמת, אַז טעאָרעטיש וואָלט ער געקענט ענטפערען אַלע פראַגען, אָבער פּראַקטיקע איז גאַנץ ווייט פון טעאָריע. מעהר ווי זיין שאַפּ האָט ער ניט געקענט. אויסער ווי מיט זיין באָס האָט ער מיט קיינע אַנדערע קיינמאָל קיין געשעפט ניט געהאַט. ער האָט זיך זעהר שטאַרק געשראָקען פאַר דער גרויסער פאַראַנטוואָרט־ליכקייט וואָס איז פּלוצלונג אַרויפגעוואָרפען געוואָרען אויף איהם. טויזענטער פאַמיליען וועלען זיין אָפּהענגיק אָן זיין פעהיגקייט אויפ־

צוהאַלטען זייערע באַדינגונגען אין די שעפּער. אויף איהם, וואָס האָט אַזוי וועניג פּראַקטישע דערפאַהרונג; אויף איהם וואָס איז אַזוי וועניג באַקאַנט מיט די פאַרשידענע דריידלאַך פון די אַרבייטס־געבער; אויף איהם, וואָס איז ניט מעהר ווי אויבער־פלעכליך באַקאַנט מיט די פאַרשידענע קאָנטראַקטען וואָס די יוניאָן האָט מיט די אַרבייטס־געבער—אַזאַ פאַראַנטוואָרטליכקייט...

נאָר ער האָט גרויס האָפענונג געלייגט אויף דער שטאַרקער ליבע וואָס ער האָט געהאַט פאַר דער אַרבייט וועלכע ער האָט זיך אונטערנומען. ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט זיין מיינונג, אַז ער וועט זיין אויסערגעוויינליך פאָרזיכטיג אין אַלע זיינע האַנד־לונגען. ווען ער וועט אַריין אין אַ שאַפּ וועט ער זיך אַנפאַנגס באַראַטען מיט דער קאָמיטע און מיט׳ן שאַפּ־דעלעגאַט. ער וועט פון זיי אויפגעפינען אַלע איינצעלהייטען פון דער קלאַגע אָדער פון זייערע פאָדערונגען. ווען ער וועט האַנדלען מיט די אַרבייטס־געבער, וועט ער וועגען און מעסטען יעדען וואָרט. ער וועט זעהן אויסמערקירען אַז ביי יעדע פאַרהאַנדלונג זאָל זיין אַ פאַרשטעהער פון די אַרבייטער אַנוועזענד אין אָפיס פון בעל־הבית. דערמיט וועט ער פאַרהיטען יעדען שפור פון חשד אויף זיינע האַנדלונגען. טאָמער וועט מען אַמאָל דאַרפען מאַכען אַ קאָמפּראָמיס, וועט ער זיך פריער איבער׳סוד׳ען מיט דעם שאַפּ־דעלעגאַט און קאָמיטע. ווען נויטיג וועט ער רופען איין שאַפּ מיטינג, אַ צווייטען, אַ דריי־טען, און וויפיל עס וועט זיך נאָך פאָדערען. ווען ער וועט האַנדלען מיט אַזאַ פאָרזיכטיגקייט, האָט ער געהאָפט, אַז ער וועט אימער קריגען דאָס בעסטע וואָס וועט קאָנען געקראָגען ווערען פאַר די אַרבייטער.

מערקווירדיג, ווי עס איז איהם גאָר קיינמאָל קיין זאַך ניט איינגעפאַלען וועגען אַ מעגליכער אָפּשוואַכונג פון דער ליבע און דעם צוטרויען וואָס די אַרבייטער האָבען צו איהם געהאַט בשעת זיי האָבען איהם דערוועהלט. אויף דעם פּונקט איז ער געווען אַזוי זיכער, פּונקט ווי אַ יונגער, נאַאיווער פאַרליבטער איז זיכער מיט דער ליבע פון זיין שעהנעם מלאך — זיין געליבטע.

וועגען דעם צוטרויען פון די גרויסע אַרבייטער־מאַסען האָט

ער געהאַט אַ באַשטימטע פילאָזאָפיע. ער האָט געגלויבט אַז אַן אַרבייטער׳ס אומצופרידענהייט קען קומען נאָר פון צוויי זאַכען: אַן אַרבייטער קען זיין אומצופרידען, ווייל ער האָט געניגענדע אורזאַכען דערפאַר, אָדער אין צווייטען פאַל, קען די אומצופרידענ־הייט קומען פון אַ מיספאַרשטענדעניש. וועגען דעם ערשטען פאַל האָט ער זיך גאָרניט געזאָרגט.

ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט זיין מיינונג, אַז ער וועט קיינמאָל ניט זיין פון דעם סאָרט, וואָס וועט זיך געגענשטעלען אַ גערעכטער טענה פון אַן אַרבייטער. ווען ער וועט נאָר זעהן, אַז דער אַרבייטער האָט רעכט וועט ער איהם געבען גערעכט. ער וועט עס טאָן ווען ער זאָל זאָגאַר דערמיט דאַרפען צוגעבען אַז ער אַליין האָט אַ טעות געהאַט אין זיינע האַנדלונגען. ער האָט געהאַט אַ שטאַרקען גלויבען אין דעם יושר פון די מאַסען און אין זייער ברייט־האַרציגקייט צו פאַרגעבען אַ טעות, זאָגאַר פון זייערען אַ פיהרער.

היימאַן בעאַמטער איז קיינמאָל ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט מאַנכע פיהרער, וואָס האָבען געהאַט אַ נאַטור פון „פאַרשרייען״ זייערען אַ טעות מיט לאַנגע רעדעס, אויס מורא אַז די מאַסען וועלען פאַרלירען זייער רעספּעקט פאַר די פיהרער אויב זיי וועלען זיך דערוויסען אַז אַ בעאַמטער קען אויך מאַכען אַ פעהלער. ער האָט געגלויבט, אַז אָפענהערציגקייט איז דער בעסטער מיטעל פאַר דער אָנהאַלטונג פון דעם רעספּעקט און צוטרויען פון די אַרביי־טער־מאַסען אין זייערע פיהרער. ער איז ביי זיך געווען איבער־צייגט, אַז יעדער יוניאָן מאַן, יעדער ערליכער אַרבייטער, איז אינטעליגענט גענוג צו פאַרשטעהן, אַז מענשען מוזען אַמאָל מאַ־כען אַ פעהלער; אַז קיין מלאכים זיינען אויף דער ערד ניטאָ, און אַז אַ מיט־פּראָזען פאַרדעקטער פעהלער האָט פּונקט דאָס געגענ־געזעצטע ווירקונג אויף די אַרבייטער. דאָס צעשטערט דעם רעספּעקט, דעם גלויבען און דאָס צוטרויען פון די מאַסען צו זייערע פאַרטרעטער.

וועגען אַ מעגליכער מיספאַרשטענדעניש האָט ער אויך גע־האָט אָנגעגרייט אַ פּאַרטיקע פּראָגראַם: — געדולד. ער וועט באַ־האַנדלען יעדען אַרבייטער מיט דער העכסטער מאָס פון העפ־

ליכקייט און געדולד. אין פאַל אַן אַרבייטער וועט קומען צולויפען אַ פאַרצאָרענטער, שטאַרק אין כעס אויף דער יוניאָן און אויף איהם, און וועט מאַכען באַשולדיגונגען, אונבאַגרינדעטע באַשולדיגונגען, און וועט זאָגאַר ניט זשאַלעווען אַ זידעל־וואָרט, וועט ער ניט טאָן דאָס וואָס אַנדערע טוען: שרייען צוריק, בייזערען זיך דערשרעקען איהם מיט אַ שטראָף וואָס די יוניאָן, ביים גרינעם טיש, וועט אויף איהם אַרויפלייגען ביי דער גריוועגס קאָמיטע פאַר באַליידיגען אַ בעאַמטען פון דער יוניאָן. אָ, ניין, דאָס איז ניט דער וועג. אַן אַרבייטער בלייבט אַן אייביגער שונא דער יוניאָן וואָס רייסט ביי איהם אַרויס אַ פאָר דאָלער אַלס שטראָף. אַן אַרבייטער טראָגט זיך אַרום מיט אַ שטענדיגער שנאה געגען אַ באַאַמטען וואָס באַליידיגט איהם —און שרייט אויף איהם.

ער האָט ביי זיך אויסגעאַרבייט אַ פעסטען באַשלוס קיינמאָל ניט אויפגערעגט צו ווערען אויף אַן אַרבייטער אָדער אויף אַ שאָפ־אַרבייטער. ער וועט זיך מיט אָט דיזע ברידער און שוועס־טער אַוועקזעצען אין אָפיס, וועט צו זיי ריידען ווי אַ פאָטער צו זיינע קינדער, מיט ליבע, מיט אַכטונג, מיט מיטגעפיהל פאַר זייערע ליידען און פאַר זייער לאַגע. ער וועט זיי אויפקלעהרען ער וועט פאַנאַנדערגלידערען די פראַגע, ער וועט פאַרטרייבען זייער אומעט, לייכטער מאַכען זייערע צרות, מילדער מאַכען זייערע שמערצען, אָפמעקען זייער צאָרען און אַריינבלאָזען אין זייער נשמה אַ שמייכעל, אַ שטראַל פון האָפענונג, אַ געפיהל פון אָפטימיזם.

האָבענדיג אַזאַ קלאָהרע, אַזאַ באַשטימטע, שכל׳דיגע, יושר׳דיגע און לאָגישע פּראָגראַם איז קיין וואונדער ניט וואָס היימאַן בעאַמ־טער איז אַריין אין זיין אַמט מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג און ליבע פאַר די נייע פליכטען וואָס ער האָט אויף זיך גענומען אָט ביי יענעם מיטינג ווען אַלע האָבען געשריען „דאַפיר", און ער איז איינשטימיג דערוועהלט געוואָרען ביזנעס־אַגענט פון לאָקאַל 1813.

## צווייטער טהייל

זינט יענעם אָווענט, ווען היימאַן בעאַמטער איז איינשטימיג און מיט גרויס באַגייסטערונג אונטער דעם דונער פון הילכיגע

**אַפּלאַדיסמענטען ערוועהלט געוואָרען ביזנעס־אַגענט פון לאָקאַל 1813״ זיינען שוין פילע וואַסערען פאַרלאָפען. היימאַן בעאַמטער איז שוין יעצט אַן אַלטער אָפיסער פון דער יוניאָן. זינט דאַן האָט ער שוין פילעס מיטגעמאַכט און, לויט זיין מיינונג, פילעס אויפגעטאָן פאַר די מיטגלידער פון דער יוניאָן. ער איז שוין צום זעקסטען אָדער זיבעטען מאָל ווידער דערוועהלט געוואָרען. אָבער דאָס מיינט ניט זעהר פיל אין זיין לעבען. אָפט, זעהר אָפט ווערט ער אַריינגעכאַפּט אין אַ נעץ פון טרויעריגע פינסטערע גע־דאַנקען פון וועלכע עס איז איהם שווער אַרויסצופּלאָנטערען זיך.**

**וואָס האָט מיט איהם פּאַסירט, ווילט איהר וויסען? איך וויים ניט.**

**איך ווייס בלויז איין זאַך: אַז ער האַלט נאָר אין דעבאַטירען מיט זיך זעלבסט. ער שטעלט זיך פראַגען, ער פאַרענטפערט זיי און פרעגט ווייטער און פאַרענטפערט ווייטער. און ווען ער וועט קומען צו אַ טאָלק, ווייס איך אויך ניט. עס קאָן זיין, אַז דאָס זאָל נאָך נעהמען יאָהרען און יאָהרען און אַמאָל קאָנט איהר פּלוצלונג זיך דערוויסען פון זיין פעסטען באַשלוס.**

**היימאַן בעאַמטער איז אַן אומגליקליכער מענש. ער זעהט פאַר זיך ניט קיין ברעקעל צוקונפט. ער דערוואַרטעט, און מיט רעכט, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט ער מוזען אויפגעבען זיין אַמט ווי פילע אַנדערע, וועלכע זיינען געוועזען אַזוי לאַנג אין דער יוניאָן, האָבען דאָס געמוזט טאָן. אָדער, אויב ער וועט עס אַליין ניט טהאָן, וועט ער פאַרדאַמט ווערען און פאַראַכטעט ווערען, אַ צעטראָטענער אַרויסגעוואָרפען און פאַרגעסען ווערען.**

**סיידען ער זאָל באַצייטענס שטאַרבען. דאַן איז ער זיכער, אַז די לויה וועט זיין גרויס און שעהן. טויזענטער וועלען זיך ציען נאָך זיין אָרון. הונדערטער וועלען איהם לויב געזאַנגען זינגען: אָ, וואָס פאַר אַ טייערער העהרליכער פיהרער דאָס איז געוועזען — וועלען זיי דאַן זאָגען . . .**

ער אָבער האָט געטראַכט וועגען זיין צושטאַנד ביים לעבען. וואָס נאָכ׳ן טויט וועט פון איהם ווערען, האָט איהם ווייניג וואָס געקימערט.... עס וועט, פיליכט, איבערראַשען פילע, **אָבער דאָס איז**

אַ פֿאַקט, אַז היימאַן בעאַמטער איז געווען אַ מענש מיט פֿאַרלאַנגען, מיט געפֿיהלען, מיט באַגעהרען און האָט געוואָלט, פּונקט ווי פֿילע אַנדערע, איינפֿאַכע בשר ודם׳ס, מאַכען זיין לעבען אַזוי שעהן און אַזוי אַנגענעהם ווי נאָר מעגליך.

וואָס אַנבאַלאַנגט זיין לעבען, האָט ער אויף איהם לעצטענס אַנגעהויבען קוקען דורך שוואַרצע ברילען. אַלעס האָט איהם אויסגעזעהן שוואַרץ און פֿינסטער. ער האָט קיין ברעקעל ליכט ניט געקאָנט געפֿינען אין איהם.

פֿאַרגעסט ניט, אַז היימאַן בעאַמטער האָט פֿילע אַנטוישונגען דורכגעמאַכט, זינט ער איז אַריין אין זיין אַמט. אַלע זיינע חלומות זיינען ווי זייפֿען־בלאָזען צוטראָגען געוואָרען. זיינע אַלע יאָהרען, אַלס באַאַמטער, איז ער געווען און איז פֿאַרבליבען ניט מעהר ווי אַ ביזנעס־אַגענט. און אַ ביזנעס־אַגענט האָט ער זיך אויסגע־לערענט צו פֿאַרטייטשען איז ניט מעהר ווי אַ שיק־אינגעל. אַ ביזנעס־אַגענט איז ניט קיין פֿיהרער. ער ווערט געפֿיהרט פֿון אַנדערע. ניט מעהר. ווען אימיצער וואָלט איהם יעצט גענומען אויף אַן עקזאַמען און איהם געפֿרעגט וואָס, לויט זיין מיינונג, דאַר־פֿען זיין די מעלות פֿון אַ ביזנעס־אַגענט, וואָלט ער גלייך געענט־פֿערט: ער מוז קאָנען נעמען „אָרדערס״ פֿון די מאַסען און פֿון די העכערע באַאַמטע.; אַ מאַן אָן אַ ווילען און אָן אַן אייגענער מיינונג.

וועגען זיין טרוימען צו ווערען אַ מיטגליד פֿון דער גענעראַל־שאַפֿט פֿון די גרויסע באַוואוסטע געוואַסען, פֿון וועמען ער האָט געהאָפֿט פֿיל צו לערנען און מיט וועמען ער האָט געהאָפֿט צו ווערען אינטים באַפֿריינדעט, האָט זיך אויך גאָר ניט אויסגעלאָזען. ער האָט דעם פּרעזידענט פֿון יוניאָן אפשר צוויי אָדער דריי מאָל געזעהן ביי איהם אין אָפֿיס. אָבער ביי דיזע געלע־גענהייטען איז היימאַן בעאַמטער ניט געקומען מיט דעם פּרעזידענט פֿאַרבריינגען. דאָס זיינען געווען, וואָס מען קאָן אָנרופֿען, ביזנעס אַפּאָינטמענטס. און, ווי אַלע אַזעלכע „אַפּאָינטמענטס״, זיינען זיי געווען קאַלט און קורץ, אָהן לעבען און אָהן נשמה און אָהן דעם מינדסטען סימן פֿון פּערזענליכע אָנער־

קענונג. דער פרעזידענט האָט געדאַרפט האָבען דעם פאַרשטעהער פון לאָקאַל 1813 וועגען אויסקינפטע, וועגען געוויסע באַשליסע אין לאָקאַל 1813, האָט ער גערופען דעם פאַרשטעהער צו זיך און האָט איהם געשטעלט די נויטיגע פראַגען. ווען דער פאַרשטעהער וואָלט, דורך אַ צופאַל, געווען אַן אַנדערער און ניט היימאַן באַ־אַמטער, וואָלט ער דעם אַנדערען אַזוי גערופען צו זיך. פאַרשטעהט קלאָר, אַז ביים פּרעזידענט קאָן דאָך ניט זיין קיין פראַגע פון דער אָדער יענער פּערזאָן. אין אַן אָרגאַניזאַציאָן שפּילט דער אַמט די הויפּט־ראָלע, די פּערזאָנען זיינען אַ נעבען־זאַך.

מאַנכעס מאָל פילט ער זיך טאָקע שטאַרק געערגערט איבער דעם, וואָס דורך זיין אַמט איז ער געבליבען אַן עלענדער אויף דער וועלט. זיין גאַנצער קרייז פון פריינט באַשטעהט יעצט בלויז פון זיין באַלדיגער פאַמיליע און ניט מעהר. די וואָס ער האָט געהאָט אַלס פריינט פון די שפּעטער אין וועלכע ער האָט געאַרבייט, האָט ער פאַרלאָרען, און קיין נייע האָט ער ניט צוגעקראָגען.

און, ווען ער שטעלט זיך די פראַגע, וואָרום ער איז אָפּגעזונ־דערט געוואָרען פון דער גאַנצער וועלט, קאָן ער אויף דעם קיין אַנדער ענטפער ניט געפינען אויסער דעם, אַז מיט איהם האָט פּאַסירט דאָס, וואָס עס פּאַסירט מיט דער אינטעליגענטער טאָכטער פון אָרימע עלטערען. אַן אַרבייטער וויכט פון איהר, שרעקענדיג זיך אַז אויב ער זאָל זיך איהר ערקלערען אין ליבע, וועט זי איהם נאָך אויסלאַכען; און די בחורים וואָס באַזיצען אַזאַ בילדונג ווי זי, קאָנען קריגען רייכערע מיידלאַך. בלייבט זי נעבאַך זיצען...

אָט דער זעלבער אומגליק, זעהט ער, האָט פּאַסירט מיט היימאַן בעאַמטער אויך. די אַרבייטער מיינען, אַז זייער פריינטשאַפט וועט איהם נאָך ח"וש באַלעסטיגען, וואָרום ווי קומען זיי צו אַזאַ גרויסען מאַן? זיי טראַכטען זיך, אַז ער האָט שוין גענוג פריינט אָהן זיי. און די גרויסע, ווידער, קאָנען קריגען אַלס פריינט מענשען פון אַ העכערען שטאַנד ווי ער איז. היינט צו וואָס דאַרפען זיי זיך לאַנגווייליגען מיט איהם?

אַ מענש איז אַ געזעלשאַפטליכע חיה, וועלכע מוז תמיד האָבען אַרום זיך אַן אינטימען פריינד. אַ מענש מוז האָבען אימיצען אין דער

וועלט, מיט וועמען ער זאָל קאָנען זיך טיילען זיינע ליידען און פריידען. אַ מענש קאָן ניט אימער טראָגען אויף זיך זיין אָפיציעלען „איך", מיט דער איבערטריבענער ערנסטקייט און אָנגעבלאָזענקייט. עס ווילט זיך מאַנכעס מאָל זיין פריי, זאָרגלאָז און שטיפעריש ווי אַ קינד, עס ווילט זיך אַמאָל ערשינען נאַטירליך. אָבער ווי קאָנט איהר דאָס טאָן, ווען איהר האָט ניט אין לעבען קיין פריינט?...

ניט קיין שוואַכערען קלאַפּ האָט ער געקראָגען וועגען זיין האָפּענונג, אַז ער וועט צוליב זיין אַמט קאָנען געפינען גענוג צייט צו לערנען זיך און אַנטוויקלען זיך. דער אמת איז, אַז ביז היינטיגען טאָג האָט ער זיך זאָגאָר ניט אויסגעלערענט ריידען ענגליש גוט. און דאָס ביסעל ענגליש וואָס ער רעדט יע, האָט ער ניט געקראָגען אויף אַ סיסטעמאַטישען אופן, ווי ער האָט געהאָפּט. זיין ענגליש האָט ער אויפגעכאַפּט מיט'ן אויער, דאָ און דאָרט. וועגען אַ העכערער בילדונג איז דאָך אָפּגערעדט. וואו האָט ער געקאָנט נעמען די צייט אויף דעם?

געדענקט, אַז די אַרבייטער־באַוועגונג האָט ניט קיין „רעגעלע" שטונדען פאַר איהרע דינער. די אַרבייטער־באַוועגונג איז אַ מלחמה, אַ שטענדיגע און אונאויפהערליכע מלחמה. איהרע פירער טאָרען ניט און קאָנען ניט האָבען קיין באַשטימטע צייט ווען צו רוהען. ווען נאָר דער שונא אַטאַקירט, מוז מען זיין אויפ'ן פּלאַץ. מען מוז תמיד האָבען די וואַפען גרייט, ווייל אויב ניט קאָן מען נאָך פאַרניכטעט ווערען פון דעם אימער וואַכזאַמען פיינד.

און היימאַן טראַכט ווייטער: אין וואָס באַשטעהט מיין אַרבייט? אָבער אַ שאַפּ מיטינג, ווייטער אַ שאַפּ מיטינג, אָבער אַ „קאָמפּליינט", ווייטער אַ „קאָמפּליינט". אַ רעדע דאָ, אַ רעדע דאָרט, אַלץ וועגען דעם זעלבען ענין. קיין ברעקעל נייעס אין מיין לעבען. אַ ביזנעס אַגענט, אַ געשעפטס אַגענט און ווייטער גאָר ניט. אין שאַפּ זיינען כאָטש געווען פאַרשיידענע מאָדעס, דאָ — אַלץ די זעלבע מאָדע; „דיסטשאַרדזשעס", גלייכע צוטיילונג פון אַרבייט, אַרונטערגעלאָזענע פרייזען, אַ העכערונג אויף די „ווייי־

דזשעס״ אומאייניגקייט צווישען די אַרבייטער פון שאַפּ, „בעק פּעי״, קאָנטראָלירען די ביכלאַך און דערמיט פאַנגט זיך דאָס אָן און דערמיט ענדיגט זיך עס.

די אַלע זאַכען האָבען אויף איהם געמאַכט אַ זעהר טיפען איינדרוק. זיי האָבען שטאַרק אָפּגעקיהלט דעם ענטוזיאַזם זיינעם פון די ערשטע טעג פון זיין ערוועהלונג. דער אַמט אין דער יוניאָן האָט אויפגעהערט פאַר איהם צו טראָגען די גוואַלדיגע צוציהונגס קראַפט פון אַמאָל. נאָר פונדעסטוועגען וואָלט דאָס אַלעס ניט געווען אַזוי געפעהרליך, ווען די צייט וואָלט איהם ניט געבראַכט די גרעסטע אַנטוישונג פון זיין לעבען. ער האָט פּלוצ־לונג דערזעהן און דערפיהלט אַז דער סאַמע פונדאַמענט פון זיין עקזיסטענץ גליטשט זיך אויס פון אונטער זיינע פיס. ער האָט דערפיהלט, אַז ער פאַרלירט דעם צוטרויען פון דער מאַסע צו זיך.

איין מאָל ביי אַ שאַפּ מיטינג, אין מיטען פון זיינער אַ רעדע, ווען ער האָט געהאַלטען אין פאַרווירפע מאַכען די אַרבייטער אין שאַפּ פאַר זייער ניט פּינקטליכקייט אין דער אָפּהיטונג פון די גע־זעצע פון דער יוניאָן, האָט ער פּלוצלונג דערהערט איינעם זאָגען: „אייך איז גוט צו ריידען. איהר קריגט דאָך אַלע שבת „פּיידע״.

אַן אַנדערש מאָל, פאַרבייגעהענדיג אַ גרופּע אַרבייטער אַרום דעם אָפּיס פון דער יוניאָן, האָט זיין אויער אויפגעכאַפּט אַזאַ אויסדרוק: „זעהט נאָר, אָט געהט אונזער פאַרזאָרגער״. ביי אַן אַנדער געלעגענהייט האָט אַזאַ זאַך פּאַסירט. ער האָט גערעדט אַן ערך אָט אַזוי: „ברידער און שוועסטער, געדענקט, אַז אַ יוניאָן מאַן מיינט ניט בלויז האָבען אַ יוניאָן בוך אין קעשענע. דער וואָס באַלאַנגט צו אַ יוניאָן מוז קאָנען מקריב זיין אַלעס פאַר זיין יוניאָן, ער מוז קאָנען ליידען פאַר דער יוניאָן, ער מוז קאָנען קעמפען פאַר דער יוניאָן, ער מוז קאָנען שטאַרבען פאַר דער יוניאָן!״

ער האָט ערוואַרטעט, אַז דיזע שעהנע פראַזען וועלען אַרויס־רופען די העכסטע באַגייסטערונג ביי אַלע אַנגעוועזענדע. אַנ־שטאָט דעם האָט ער גאָר דערהערט, ווי איינער בורטשעט צום צווייטען אַזוי אונטער׳ן נאָז: „זעה נאָר, זעה נאָר, ווי שעהן ער

רעדט. איך וואָלט נאָר אַ בעלן געווען צו זעהן, וויפיל ער וואָלט מקריב געווען פאַר דער יוניאָן, וויפיל וואָכען ער וואָלט שטעהן מיט אונז אָהן „פיידע“? . . .

דער וואָרט „שבת פיידע“ איז געשטאַנען ווי אַ בייזער גייסט פאַר זיינע אויגען, וואָס האָט איהם געשראָקען און געוואָרגען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז יעדען דאָלער וואָס ער פאַרדינט האָט אין זיך שרעקליך פייערדיגע אויגען אין וועלכע עס שפּיגעלט זיך אָפּ דעם אַרבייטער׳ס צאָרען און פאַרדראָס. פון איין זייט די רייכע, מיט זייער גיפטיגען סאַרקאַזם וועגען דעם קוואַל פון חיונה פון דעם „לייבאָר לידער“ און פון דער צווייטער זייט די אַרביי־טער אַליין, מיט די זעלבע אָנצוהערענישען, אַז זיין געהאַלט, וואָס ער קריגט יעדע וואָך, איז ניט קיין עהרליך פאַרדינטער . . .

און היימאַן פלעגט צו זיך אַליין ריידען: ווי לאַנג קאָן אַ מענש מאַכען אַ לעבען פון שאַנדע? ווי לאַנג קאָן אַ מענש אָנ־שטאָפּען זיין מאָגען מיט קללות, די פּרוכט פון זיין אַרבייט? ווי לאַנג קאָן אַ מענש מאַכען אַ לעבען פון צדקה? ניין—פלעגט ער אויסשרייען אין האַרצען — ניט פון צדקה, נאָר פון רויב, פון גזילה, פון אָפּנאַרעריי! ווי לאַנג קאָן אַ מענש מאַכען אַ לעבען פון צוזאַמען געשנאָרעטע פאַר גראָשען, וועלכע זיינען פאַרהאַרטעוועט געוואָרען פון די פלוכען פון די צדקה געבער? ווי לאַנג קאָן אַ מענש זיין פאַרנומען פון פריהמאָרגען ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט אַ געוויסער סאָרט אַרבייט און זיך שעהמען אויסצוזאָגען פאַר לייטען דעם קוואַל פון זיין חיונה? ווי לאַנג? ווי לאַנג? . . .

פאַרשטענדליך, אַז די לאָגישע פאָלגע פון אַזאַ סאָרט געשפּרעך מיט זיך אַליין פלעגען מוזען זיין: אַנדערע, מעהר דירעקטע פראַ־גען, און היימאַן בעאַמטער, נאָך זיין טאָג אַרבייט פלעגט זיך גאַנץ אָפט אַ פרעג טאָן: „וואָס וועט פון מיר זיין? זאָל איך וואַרטען ביז וואַנען מען וועט מיך מיט שאַנדע אַרויסוואַרפען? אָדער זאָל איך זיך באַצייטענס אַליין אָפּטראָגען?“

היימאַן פלעגט אַזוי פילאָזאָפירען: דער לעבען פון אַ באַצאָל־טען באַאַמטען אין אַ יוניאָן איז אַ באַשרענקטער, פונקט ווי דער לעבען פון אַ מענשען. עטוואָס מוז פריער אָדער שפּעטער גע־

שעהן אין דעם אָפּיציעלען לעבען פון אַ מענשען, וואָס זאָל איהם פאַרניכטען. מאַנכעס מאָל איז דאָס אַ שלעכטע האַנדלונג, מאַנ־כעס מאָל אַ שלעכטער אויסדרוק, אַן אַנדערש מאָל אַ פּאָליטישע מגפה, ווידער אַמאָל שלעכטע צייטען און אַלע מאָל דער לעבען אַליין און די מאָדעס אין דעם אַרט דענקען פון די מאַסען. אַ אַלטער אַרבייטער מוז פאַרלאָזען דעם שאַפּ; אַן אַלטער אַקטיאָר — די ביהנע; און אַן אַלטער באַאַמטער—זיין אַמט! מיט אַן איינציגען אונטערשייד, וואָס ווערענד פאַר דעם אַלטען אַקטיאָר, אָדער דעם אַלטען אַרבייטער קלאַפּען אַלעמענס הערצער אין סימפּאַטיע, און פילע פאַרגיסען נאָך אַ טרעהר איבער איהם—ווערט דער אַלטער באַאַמטער אַרויסגעוואָרפען און אַרונטערגעשלעפּט פון זיין הויכקייט מיט צאָרען און מיט פאַראַכטונג ביי די מאַסען. ווען איינער שטאַרבט אַ „פּאָליטישען טויט״, לאָזט ער נאָך זיך איבער גאַנץ ווייניג נאָכ־פאָלגער. פאַרקעהרט, זיין שטאַרבען ווערט צופּויקט אַלס אַ זיג פאַר די נייע, פּראָגרעסיווע און פרישע כוחות, וועלכע האָבען פאַר־טיליגט און אויסגעראָטען דאָס אַלטע, די פאַרשימעלטע און פאַר פוילטע פון זייערע רייען.

און אין דער אַרבייטער־באַוועגונג ווערט מען זעהר שנעל אַלט. מאַנכע ווערען זאָגאַר אַלט איבער נאַכט. זאָל נאָר אַרויסקומען אַ נייער וואָרט פאַר דעם אַרבייטער׳ס באַפרייאונג, וועלכער האָט אין זיך דעם רייץ פון נייקייט און געוואַגטקייט און זאָל זיך דער פיהרער נאָר נעמען אַ פּאָר שטונדען לענגער פאַר באַטראַכטען דעם נייעם מלבוש איידער ער טוט איהם אָן צו פאַראַדירען פאַר די מאַסען, ווערט ער גלייך געקרוינט אַלס קאָנסערוואַטיוו, אַלס אַלט און אָפּגעלעבט. אָט נעכטען, דאַכט זיך, איז ער געווען פאַר־רעכענט ביי אַלעמען אַלס רעוואָלוציאָנער, און היינט — אויס! וויפיל ער זאָל ניט פּראָטעסטירען, וויפיל ער זאָל זיך ניט בעטען, וויפיל ער זאָל ניט אַריינ׳טענה׳ן, אַז זיי נשמה איז נאָך אַלץ די זעלבע, אַז זיין בלוט איז נאָך אַלץ הייס, אַז זיין מאַרך אַרבייט נאָך אַלץ אין דער זעלבער ריכטונג, אַז ער טרוימט נאָך אַלץ די זעלבע פייערליכע טרוימען פון נעכטען, קאָן איהם קיין זאַך ניט העלפען. אַוועק! — שרייט אויס דעם פאָלקס שטימע. דו ביזט אַ פינסטע־

רער, אָפּגעלעבטער אַלטער, פאַרשימעלטער קאָנסערוואַטאָר!

אַזעלכע זאַכען פּאַסירען אין עפּאָכע מאַכענדע פּעריאָדען, אַזוי ווי היינטיגע צייטען, צום ביישפּיל. אין געוועהנליכע צייטען איז דער פּראָצעס פון פאַרניכטונג אַביסעלע לאַנגזאַמער, אָבער אַלץ דערזעלבער. קיינער קאָן ניט אויסמיידען די ענדע, וואָס די הייליגע אַרבייטער־באַוועגונג לייגט אַרויף אויף איהרע אויס־ערוועהלטע ליבלינגע פון אַמאָל. צו איינעם קומט עס אַביסעל פריהער, צום אַנדערען אַביסעלע שפּעטער, אָבער אַלץ מיט דעם זעלבען צאָרען און מיט דערזעלבער ענטשלאָסענהייט.

אַן אַרבייטער פיהרער — אַ קינד פון פאַבריק — קאָן נאָר געבען זיינע ערוועהלער איין זאַך — דעם פייער פון זיין יוגענד. זיין אַרבייט באַשטעהט אין אַרויסגיסען זיין נשמה צו די מאַסען, אין געבען יעדען טאָג אַ טהייל פון זיין לעבען, אויף אָנצינדען די נויטיגע באַגייסטערונג אין די מיטגלידער פון זיין אָרגאַניזאַציע. ער רופט, ער שאַלט, ער וועקט, ער מינטערט, ער רוישט, ער ברויזט, רייסט די לופט מיט צאָרען, האַס, פאַרדרוס, פלוך און פאַר־דאַמונג, אויף אַלע וועלטליכע אונגערעכטיגקייטען — און בעט און פאַרלאַנגט און ליובט און פאָדערט אַ וועלט פון גערעכטיגקייט און ליבע, און ליבע, און ליבע . . .

אַזאַ אַרבייט איז זעהר אַ דעליקאַטע. זי האַלט דעם מענשען אין אַ שטענדיגער אָנגעשטרענגקטקייט און צושטערט זעהר שנעל די נערוועז און די לעבענסקראַפט פון מענשען. נאָך מעהר אָבער איז דער אומגליק וואָס רעדעס קאָנען ניט אַלע זיין די זעלביגע. אַן אַקטיאָר קאָן שפּילען זיין ראָליע הונדערטע מאָל. זי ווערט פאַר איהם פאַרפאָרטיגט ביי אַנדערע. אַ פיהרער פון אַ יוניאָן מוז אָבער פאַר זיך אַליין באַשאַפען זיין ראָלע, און מוז אַלע מאָל האָ־בען עטוואָס נייעס פאָרצושפּילען פאַר די מאַסען. אַזאַ אַרבייט קאָן ניט צו לאַנג פאָרטגעזעצט ווערען מיט סוקסעס. דער אמת איז אַלע מאָל דער זעלבער, און די וועגען ווי אַזוי דעם אמת אַרויסצוברינ־גען מוזען זיך ענדליך אויסשעפּען, ביז עס מוז קומען אַ צייט פון ווידערהאָלונג פון די זעלבע ווערטער און פון די זעלביגע פראַזען, ביז דער עולם ווערט מיד הערענדיג אָט דעם זעלבען פערזאָן

מיט די זעלבע ווידערהאָלונגען און פאַנגט אָן צו פּראָטעסטירען צו זיך אַליין: „אָה, דאָס האָבען מיר דאָך שוין געהערט!" „אָה, קיין נייע וואָרט ניט געזאָגט. אָה ער קוואַטשעט", און אַזוי אַרום מאַכט ער דעם ערשטען שריט צו זיין ענדע. ווען דאָס פאָלק ווערט מיד פון איינעם, מוז ער געהן.

טאָמער איז מאַנכעס מאָל אַ יוניאָן באַאַמטער נאַריש גענוג און ווענדעט אָן אַלע זיינע קרעפטען צו געהן געגען דעם שטראָם, מיט דעם וואָס ער זוכט, דורך פאַרשידענע פּאָליטישע מיטלען, אָנהאַלטען זיין ממשלה לענגער, ווי דער נאַטירליכער לעבען קאָן איהם אָנהאַלטען, באַצאָלט ער ערשט דאַן דעם ריכטיגען פּרייז. דאַמאָלסט ווערט ער אַרויסגעוואָרפען ווען ער איז שוין אַלט און צעבראָכען; אַ פיזישער און גייסטיגער שאַרבען, ווען ער טויג שוין צו קיין זאַך אין דער וועלט ניט, אויסער צו „פּעדלען" מיט טעאַ־טער טיקעטס, אָדער קומען יעדען יאָהר נאָך אַ נדבה אויף אַ „ראַפעל" צו זיינע אַמאָליגע אונטערטאַנען. וועה, איז דאַן צו איהם!

זעהענדיג אַזאַ סוף פאַר זיינע אויגען, טהוט היימאַן בע־אַמטער, גאַנץ אָפט, צו זיך אַ זאָג:

אַנטלויף פון דאַנען! וואוהין דיינע אויגען וועלען דיך טראָ־גען, אַנטלויף! כל זמן דו האָסט נאָך לעבען אין זיך, ראַטעווע זיך. האָב רחמנות אויף דיר, אויף דיין פרוי און דיינע קינדער־לאַך. קוים בלייבסטו דאָ, זייט איהר אַלע פאַראורטיילט צו אַ לעבען פון אומגליק. זיי וויסען, אַז דער מענש קאָן זיך פאַרזאָר־גען אויף זיינע עלטערע יאָהרען בלויז ווען ער איז יונג, ווען ער איז אין די דרייסיגער יאָהרען. קוים פאַרשווענדסטו דיינע יונגסטע און בעסטע יאָהרען אָט פאַר דעם „שבת־פּיידע", „דזשאָב", ווערסטו נאָכהער מוזען אָנקומען צו בעטלען ברויט. ביינאַכט, אויף זיין געלעגער, ווען זיינע נערוועט גליהען ווי אָנגעבריטע דראָטען פון זיין טאָג אַרבייט, הערט ער אַ שטימע וואָס וואָרענט און שרעקט: אַנטלויף, דו פּוילענצער. פאַרראַט ניט דיינע אָרימע קינדערלאַך.

און דער יוניאָן באַאַמטער דרעהט זיך אין דרייען און קאָר־טשעט זיך ווי אַ וואָרים. ער פיהלט ווי ער ווערט רויט פאַר

שאַנדע פון דיזען געדאַנק. ער וואונדערט זיך אויף זיך אַליין, וואָס פון איהם האָט געקאָנט ווערען. ער זאָל גאָר וועגען און מעסטען דעם ווערט פון זיין יוגענד אידעאַל מיט דאָלאַרס און סענטען! עס פאַנגט איהם אָן צו קלינגען אין די אויערען, דער אָפקלאַנג פון זיינע ווערטער, פון דער רעדע וואָס ער האָט געהאַל־טען ביי זיין ערוועהלונג. ער דערהערט קלאָר זיין שטימע פון דאַן — ווען אַלע האָבען מיט שטורמדיגע אַפּלאָדיסמענטען אָנגע־נומען זיין אָנבאָט „צו געבען אַלעס וואָס איז אין מיר צו פאַר־בעסערען און פאַרשעהנערען דעם לעבען פון די, וואָס האָבען מיר זייער צוטרוי געשענקט". גלייכצייטיג גיט עס איהם אַ ברען אַ זודיגער פאַרוואורף, וואָס גיסט איהם אָפּ מיט אַ שווייס. ער דערהערט אין דער לופט אַ קול פון צאָרען און פאַרדאַמונג: מאַך זיך ניט נאַריש, היימאַן, זוך נאָר ניט דיין נשמה אָפּצונאַרען מיט דיין זאָגענאַנטער פילאָזאָפיע. מאַך נאָר ניט אַזאַ רחמנות פּנים. דעם שאָפּ דיינעם וועסטו קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיגען . . . דו האָסט זיך איינמאָל אונטערגענומען עטוואָס צו טאָן — טו עס דאַן ביז'ן סוף. האָסטו געגעסען דעם טעם פון אַפּלאָדיסמענטען, דאַן פאַרזוך אויך דעם פאַרגעניגען פון קריטיק, פון פאַרוואורף און פון אומצופרידענהייט מיט דיר. טרינק דיין כוס ביז'ן דעק!...

נאָר עס רעדט זיך אַזוי! היימאַן בעאַמטער האָט נאָך דערמיט די גרויסע דעבאַטע ניט געשלאָסען. ער קריגט זעהר אָפטע גע־לעגענהייטען צו ווידערהאָלען די זעלבע ווערטער, נאָך מיט מעהר קראַפט און מיט מעהר פייער. היימאַן בעאַמטער האָט ניט גע־קאָנט דורכפיהרען זיין פּראָגראַם וואָס ער האָט פאַר זיך אָנגע־צייכענט אין די ערשטע יאָהרען. עס האָט איהם איינפאַך אויס־געפעהלט געדולד דערצו.

מיט דער צייט איז ער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ בינטעל נער־ווען. האָט איהר איהם נאָר אָנגעריהרט איז ער גלייך געווען בע־רייט אַרויפצושפּרינגען אויף זיין אָנגרייפער ווי אַ פאַרפאָלגטע חיה אויף זיין יעגער. ער האָט, מיט דער צייט, אָנגעהויבען גלויבען, אַז ער איז אַ קרבן פון דער אַרבייטער'ס אונדאַנקבאַרקייט; אַז ער האָט זיין גאַנצען לעבען געאָפּפערט פאַר זיין אידעאַל אָהן

אַ מינדעסטער באַלוינונג און אָהן די מינדעסטע אָנערקענונג. ער האָט דערזעהן ווי ער בויט אַ שטאַרקען און מעכטיגען בנין פאַר דער אַרבייטער־באַוועגונג פון וועלכען ער אַליין — דער בויער — וועט מיט דער צייט אַרויסגעטריבען ווערען. און מאַנכעס מאָל פלעגט איהם דערפאַר אַרומכאַפּען אַ געפיהל פון צאָרן און פאַר־דרוס.

מאַנכעס מאָל, ווידער, דאַכט זיך איהם אויס, אַז ער איז אינגאַנצען אומגערעכט, אַז אין זיין טראַגעדיע איז ער גאָר אַליין שולדיג. ער פאַנגט אָן צו פיהלען אַז ווען ער וואָלט געוואָלט און וואָלט געהאַט די נויטיגע פעהיגקייט וואָלט זיך זיין געשיכטע גאָר אַנדערש געלעזען. אמת, ער איז די גאַנצע צייט געווען פאַר־נומען מיט רוטינע אַרבייט. ער האָט אָבער אויך געקאָנט געפינען צייט אויף אויסצוברייטען זיין פעלד פון קענטשאַפט און דערמיט האָבען די מעגליכקייט צו געבען די מאַסען אַ מעהר צופרידענ־שטעלענדען ענטפער אויף די פראַגען פון טאָג. ער האָט געזאָלט וויסען, אַז די צוקונפט איז אימער גאַנץ אַנדערש פון דער פאַרגאַנ־גענהייט, אַז דער פיהרער פון אַמאָל קאָן ניט זיין דער פיהרער פון היינט, סיידען ער פאַרפערטיגט זיך טאָג־טעגליך מיט דעם נויטיגען גייסטיגען זאַפּאַס צו באַגעגענען די צוקונפט. אָט אין זיין אייענער נאַכלעסיגקייט הויבט ער אָן צו זעהען זיין געפאַהר און באַשליסט אָנצוהויבען פון דאָס ניי, גוט צו מאַכען זיינע אַמאָ־ליגע ערוואַרטונגען. און ער ליבט ווידער זיין אַרבייט, ליבט ווי־דער זיין אידעאַל, ער פאַרגעטערט ווידער די מאַסען און אין זיין פאַרשטעלונגס קראַפט נעמט ער זיי אַלע אַרום און דריקט זיי מיט אַ פייערדיגער ליבע צו זיין האַרץ.

די צייט שטעהט אָבער ניט אויף איין אָרט. יעדער טאָג לאָזט איבער זיין איינדרוק אויף היימאַן בעאַמטער און מאַכט אַ בלוטיגען געוואַלד ריס אין זיין מוט, האָפענונג און גלויבען. אויף היימאַן בעאַמטער איז געפאַלען דער גורל פון דורכפיהרען די שעהן־אָנגעשריבענע און אויסגעדריקטע טעאָריען פון די טע־אָרעטיקער אין לעבען. ניט איינמאָל פלעגט איהם זיין געוויסען פּלאָגען וואָס ער האָט מקריב געווען אַ הייליגען פּרינציפּ פאַר דער קאַלטער

וואַכעדיגער פּראַקטיקע . ניט איין מאָל האָט ער שוין אמת־גערעכטע פאָדערונגען פון אַרבייטער פאַרשאַרט אָן אַ זייט, צוליב דעם הויכען פּרייז וואָס זייער מעגליכע ערוועררבונג האָט געפאָדערט פון זיין אַרמיי. זיינע סאָלדאַטען, די מאַסע, האָבען אָבער פון קיין זאַך ניט געוואָלט וויסען. זיי זיינען געווען וואַכזאַמע וועכטער. יעדער עברה זיינע איז ביי זיי געווען פונקטליך פאַרציכענט. יעדער אָפּטריט זיינער פון דער פיינער טעאָריע איז געוואָרען נאָטירט אין זייערע מוחות, און מיט אַן אַנטשלאָסענעם און ענטשיידענעם צאָרן האָבען זיי געפאָדערט דין וחשבון פאַר אַלע זיינע קאָנסערוואַטיווע, פאַרשימעלטע, שוואַכע, שרעקעדיגע, וואַקעלדיגע און פּייגהאַפּטע טאַטען. און ווידער אַמאָל פלעגט היימאַן בעאַמטער דערפיהלען דעם ציטער און דעם שרעק פאַר זיין מאָרגען, און ווידער אַמאָל פלעגט זיך אין זיין געדאַנק אָנצינדען דער אַלטער פראַגע צייכען: וואוהין טראָגט מיך דער שטורעם־ווינד?

אַט אַזוי טראָגט זיך אַרום היימאַן בעאַמטער אויף כוואַליעס פון לעבען. ער ווערט אַרומגעוואָרפען פון צוויי שטראָמען, איינער אַ צאָרענדיגער, אַ קאַלטער, און אַ שטורמדיגער, און דער צווייטער אַ מילדער, אָבער מעהר ראַשיגער. אין דיזען גערויש און געפילדער הערט ער גאַנץ דייטליך געגענערישע שטימען. איין שטימע שרייט: אַוועק פון דאַנען! כאַפּ זיך אַרויס כל זמן די ביסט נאָך יונג. דיין לעבען באַלאַנגט צו דיר און צו קיין אַנדערען. האָב מיטלייד מיט דיין פרוי און קינדערלאַך. און די צווייטע שטימע בעט און וואָרענט: בלייב מיט די אַרבייטער, בלייב טריי דיין אידעאַל. געדענק די ערשטע מאָמענטען פון דיין ערהויבונג. געדענק אַז ווען ניט דיין אַמט, וואָלסטו פון דעם רייץ פון דעם פרעמדען לעבען ניט געוואוסט. היימאַן בעאַמטער! זיי ניט קיין פאַררעטער!

# אַ בריוועלע פון יוניטי הויז

ווערטער רעדאַקטאָר:

איך געפין זיך יעצט אין אונזער גרויסער אַרבייטער „אי־מעניע" — „יוניטי". איך רוה זיך אָפּ אַביסעל פון דעם טעגליכען דראנג פון לעבען. דאָ, צווישען די בוימעלאַך, די גראָזען, די פויגעלאַך, זוך איך אַביסעל דערקוויקונג און ערהאָלונג. זאָל דער אַלמעכטיגער האַר פון דער גאַנצער וועלט באַפרידיגען מיינע פאַרלאַנגען — אָמן.

נאָר מיינט ניט אַז דאָ אין דער „יוניטי" הויז איז אַזוי לייכט צו רוהען. מיר האָבען דאָ געהאַט, וואָס ברודער נאַגלער רופט — אַ גאַלאַ ערעפענונג. זעהר שטאַרקע און אַפּעלירענדע בריף זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען צו אַלע לאָקאַלען פון ניו יאָרק, פילאַדעלפיע און אומגעגענד, אַז זיי זאָלען למען השם ניט פאַרגע־סען זייערע פליכטען צו דער גרויסער שעהנער און באַנייטער „יוניטי", אַרויסשיקען די שטאַרקסטע, גרעסטע און איבערגע־בענסטע דעלעגאַציעס צו דער גרויסער ערעפענונג. דער אַפּיל איז קענטיג געוועזען זעהר האַרציג געשריבען, וואָרום דער אָפּרוף איז געוועזען דער וואַרימסטער, דער הייסטער און דער איינדרוקס־פולסטער אין דער געשיכטע פון דעם אינטערנעשאָנאַל קוריר־אָרט — „יוניטי".

ווי פון הימעל איז מען אַהער אַראָפּגעקומען פון אַלע שטעדט און שטעדטלאַך, וואו די אינטערנעשאָנאַל האָט נאָר אַן איינפלוס. אין באָסעס, אין טראָקס, אין טריינס, אין קאַרס איז מען אַהער אָנגעקומען. דעלעגאַציעס פון אַלע ערטער און פלעצער, ווי ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, דזשוירזי, קאָנעקטיקוט, לאָנג איילאַנד און בראָנזוויל, זיינען אַהער געשיקט געוואָרען. איין דעלעגאַט האָט געבראַכט אַ צווייטען, דער צווייטער — אַ דריטען. אַלע האָבען איינגעלאַדען פריינד, די פריינד האָבען מיטגעבראַכט פריינדינען, ביז יעדער ביינקעל, יעדער שטול, יעדער צימער, יעדע בעטעל, יעדער מאַטראַץ, יעדע קישעלע איז פאַרנומען געוואָרען. און

נאָכהער — איז מען ווייטער געקומען. מען איז געקומען און גע־קומען אָנזאָגען די פרעהליכע בשורה אַז אַלעס לעבט, אַלעס בליהט, אַלעס איז האָפנונגספול, אַלעס שטרעבט, אַלעס באַגעהרט און וועט באַגעהרען און וועט שטרעבען — ביז דער ענדליכער באַפרייאונג פון אַרבייטער־קלאַס.

די „יוניטי" הויז קאָמיטע איז געוועזן אויסער זיך פאַר נחת. געשעפטען זיינען דאָ געווען וואונדערבאַר. אַ שאָד וואָס פּרעזי־דענט רוזוועלט האָט ניט געקענט קומען צו דער ערעפענונג. ווען ער וואָלט אָנגעקוקט דעם עולם, וואָלט ער שטאָלץ געווען מיט זיין „ען אַר איי". די פולע רעזולטאַטען פון זיין אַרבייט האָט מען געקענט אָנקוקען אָט דאָ אין די הויכע, בלויע, טומאַנע, שפּיציגע, רייצענדע „פּאָקאָנא" בערג. עס טראָגט זיך אַרום אַ קלאַנג, אַז ניט ווייניגער ווי 850 געסט זיינען דאָ געקומען זיך פרעהען, און אַז ניט ווייניגער ווי 200 זיינען צושיקט געוואָרען צו די אידישע האָ־טעלען אין און אַרום בושקיל. אַלע דאַנקען יעצט גאָט און רוזוועלט׳ן און דובינסקי׳ן פאַר דעם גרויסען וואוקס פון אונזער אינטערנעשאָנאַל.

איך ווייס, אַז איהר מוזט זיין נייגעריג צו וויסען וואו מען האָט זיך אַלע אַהינגעטאָן. דאָס איז ווירקליך אַ זעהר שווערע פראַגע צו ענטפערען. איך אַליין ווייס ניט ווי אַזוי דער נס איז געשעהן. צי די בעטלאַך זיינען אויסגעשפּרייט געוואָרען, צי די באַזוכער זיינען אַביסעלע איינגעדריקט געוואָרען. אַזוי צי אַזוי — מען האָט זיך אַן עצה געגעבען. קיינער איז ח"ו אַהיים ניט גע־פאָהרען פאַר דער צייט. אַלע זיינען אַקאָמאָדירט געוואָרען. מען האָט געטראָגען טאַצען נאָך טאַצען עסענוואַרג. די ברידער האָבען געוואָלט און האָבען געטאָן זייער פליכט. קיין זאַך האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט. קיין מאכל איז ניט צוריקגעוויזען געוואָרען. אַלעס איז פאַרברויכט געוואָרען אין דער בעסטער און שעהנסטער אָר־דענונג. עס ווילט זיך באַדאַנקען די ברידער און שוועסטער פאַר זייער וואונדערבאַרער אַרבייט . . .

איך וועל זיך יעצט ניט פאַרנעמען אייך צו באַשרייבען די ריין גייסטיגע זייט פון דער ערעפענונג. מיר האָבען דאָ געזעהן

אונזער אייגענע „פּיקטשור" „מאַרטשינג אָן". מיר האָבען דאָ געהאַט וואונדערבאַרע קאָנצערטען פרייטאָג און שבת. מיר האָבען דאָ געהאַט אַ „אידישע שטונדע" זונטאָג אין דער פריה פון 10 ביז 12 אַזייגער. מיר האָבען דאָ געהאַט דעם יאַפּאַנעזישען פלעקעל קלאַפּער, וועמעס נאָמען עס קלינגט מיר אַלע מאָל אַזוי ווי הארקאַוויע; דאָרא באַוושאַוועד־קייראַף, ניקאָלאַס קוירצמאַן אַלס אידישער פאָרזיצענדער, און איבערהויפּט האָט מען דאָ געזונגען אַלע קאָנוועגשאָן לידער ביי יעדען מאָלצייט — „סאָלידאַריטי פאָרעווער", „אינטערנעשאָנאַל אנטהעם", „וויקטאָרי סאָנג" און ווידער אָן עדיוקיישאָנאַל דעפּאַרטמענט'ס איין־אַקטער — וויטער מיט'ן „וויקטאָרי סאָנג". איך האָב געדענקט, אַז דער גליק וועט זיך ציהען און ציהען ביז דער אונענדליכקייט. אָבער מיין טרוים איז צושנעטערט געוואָרען אויף פּיך־פּיצלאַך.

איך זיץ יעצט אַליין, אַן עלענדער און פאַרלאָזענער. אַ בלייענע שטילקייט הערשט אין יעדען ווינקעלע. אין מיין שרייבצימער רייצען זיך מיט מיר שטילע, שטומע שוואַרצע שאָטענס. אַלע זיינען זיך צופאַהרען אין דער זעלבער איילעניש ווי זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען. זיי האָבען מיר דאָ איבערגעלאָזען בלויז מיט חלומות פאַר אַן ענדערונג אין דער צוקונפט. עס דריקט מיך אַן אומעטיגע שטימונג. נאָך יאָהרען און יאָהרען פון רויש, גערודער, טומעל, באַוועגונג, געדראַנג און געלאָף ווילט זיך ניט בלייבען זיצען אין אַ שטומער רוהיגקייט. עס ווילט זיך ניט גלויבען, אַז די צייט קען זיין אַזוי ברוטאַל צו איינעם, וועלכער האָט געווידמעט זיין גאַנצע צייט צו דער פאַרבעסערונג פון דער צייט. אָבער עס ווילט זיך מעהר ניט פילאָזאָפירען. איך בלייב דאָ פאַר אַ היבשער צאָל וואָכען. איך זוך רוה. מען הייסט רוהען, אָפּהיטען זיך און אויפפּאַסען. מיר קענען נאָטור'ס געזעצען ניט ענדערען. אַ גוטע נאַכט! ביז די פויגלען וועלען אויפוועקען, און דאַן וועלען מיר זיך נעמען צו דער ווענטקע אויפ'ן שטילען פלייסיגען לאַסטשענדיגען וואַסערעל פון יוניטי טייכעלע — כאַפּען פיש. מען מוז געהן שלאָפען, אויפשטעהן פריה, כאַפּען פיש.

# גאָמפּערס נעבאַך

(פעליעטאָן)

גאָמפּערס נעבאַך. איך האָב פיל, זעהר פיל מיטלייד מיט איהם. איך פאַרשטעה אַזוי קלאָר דיליידען פון זיין נשמה ביי דעם יעצטיגען מאָמענט, אַז איך קען זיך ניט העלפען מיטצולײדען און מיטצופיהלען מיט איהם.

איך לעז די טעגליכע ענגלישע צייטונגען. איך לעז איינע; איך לעז אַ צווייטע; איך לעז אַ דריטע — איך לעז אַלע, איך זוך מיט נייגעריגע בליקען אין יעדען ווינקעלע פאַר אַ גוט וואָרט פון עמיצען וועגען דעם „גרענד אָלד מען", סעמועל גאָמפּערס. אָבער אָהן ערפאָלג. איך געפין איבעראַל די זעלבע האַרצ־רייסענדע בילד:

מען טרייסעלט גאָמפּערס'ען פאַר די לאַצען פון זיין נשמה אָהן רחמנות. וויפיל גיפט און גאַל עס געפינט זיך נאָר אין די פעדערס פון די אינטעליגענטסטע קאַפּיטאַליסטישע שרייבער, ווערט עס אַריינגעשפּריצט אין זיין אַלטען, כמעט פאַרוועלקטען קערפּער און אין זיין נשמה: מען שטופּט איהם, מען שטויסט איהם, מען בריקעט איהם און מען לאַכט פון איהם, און, געוואַלד, געוואַלד!! פאַר וואָס? וואָס האָבען זיי זיך אָנגעזעצט אויף זיין אָרימען לעבען? אוי! גאָמפּערס נעבאַך.

שינדט מען די הויט אַרונטער פאַר לעבענס־מיטלען? איז שולדיג אין דעם — ווער דענקט איהר? — גאָמפּערס! רייסען די לענדלאָרדס אַ פאַס פאַר רענט, איז אין דעם שולדיג קיין אַנדערער ווי גאָמפּערס. וואָרום דער שכל איז דאָך אַ פּליינער (אַזוי טענה'ן זיי): וואָלט גאָמפּערס ניט געווען אַזאַ פייגלינג און ניט נאָכ־פאָלגען די אומוויסענדע מאַסען וואָלט ער דאָך דעם יקרות גע־קענט אָפּשטעלען איינס—צוויי. ער האָט זיי בלויז געדאַרפט זאָ־גען דעם „אמת" פון וואַנען דער יקרות נעמט זיך. ער האָט זיי

געדאַרפט איינפאַך ערקלערען אַז דער יקרות קומט פון דעם וואָס די אַרבייטער קריגען הויכע ווידזשעס און אַרבייטען קורצע שטונדען. דאָס אַלעס. אַמוועניגסטענס האָט ער זיי געדאַרפט ראַטען אויסצופּרובירען דיזע טעאָריע פון יקרות.

היינט וואָס איז וועגען דעם פּאָליס סטרייק אין באָסטאָן? און וואָס איז מכח דעם שטאָהל סטרייק? און וואָס וועגען דעם פּרינ־טינג סטרייק? (וואקיישאָן) און וואָס איז וועגען די לאָנגשאָר־מען? און וואָרום סטרייקען די טימסטערס? און וואָס בונטעווען זיך די מיינערס? וואָלט אַזאַ זאַך מעגליך געווען ווען גאָמפּערס וואָלט געווען דאָס וואָס ער האָט פּרעטענדירט צו זיין — אַפּייער־דיגער אָנהענגער פון דעם געדאַנק אַז פּריוואַט אייגענטום איז הייליג? קיינמאָל ניט. גאָמפּערס איז פאַרמאַסקירט, דאָס אַלעס. ער איז אַ באָלשעוויק, אַזוי שרייען זיי!

ווען איך לעז אַזעלכע ניט־פּאַרדינטע אַטאַקעס אויף גאָמ־פּערס׳ן, פאַרקלעמט מיר דאָס האַרץ. מאַנכעס מאָל פאַנגט דאָס מיר אָן אַזוי שטיקען און דריקען ביי דער נשמה, אַז עס איז איינפאַך שווער איבערצוטראָגען. איך מוז, אָדער אַרויסשיסען אַ פלוך אויף אַזעלכע גזלנים, וואָס ווייסען ניט פון קיין גרענעץ צו זייער האַבזוכט, אָדער איך מוז פאַרגיסען אַ טרעהר.

אָך, גאָמפּערס נעבאַך. קענט איהר זיך פאָרשטעלען דעם וועהטאָג פון זיין נשמה נאָך אַזאַ ביטערער אַנטוישונג? ער האָט דאָך געוואָרט פאַר „דעמאָקראַסי"... „דהי האופּ ענד אספּי־ריישאָן אָוו לייבאָר".

גאָמפּערס איז יעצט איינער פון יענע אומגליקליכע, וועלכע האָבען דערלעבט צו זעהן דעם צוזאַמענברוך פון זייערע אייגענע טעאָריעס. ער זעהט זיך יעצט אַליין אין זיין גאַנצער לעכערליכקייט פון זיין לעבען. אַלעס וואָס ער האָט געפּרעדיגט, און אַלעס וואָס ער האָט געגלויבט, — און מיט אַזאַ פייערדיגען גלויבען געטרייעט צו פאַרשפּרייטען צווישען די מאַסען, — קומען יעצט צו איהם צוריק און שטעלען איהם אַרויס אַזעלכע לאַכעדיגע ציינגער, — פאָלש, פאַלש, פאַלש...

דיינע טעאָריעס האָבען קיין באָדען ניט. זיי זינקען אַריין

אין דעם זאַמד אויף וועלכען דו האָסט זיי געבויעט . . .

אַט זעה איך פאַר מיר גאָמפּערס׳ן אין זיין פולען טריאומף אין די לעצטע עטליכע יאָהרען. איך זעה איהם אין סעינט פּאול ביי דער קאָנווענשאָן פון דער אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. אַט פיהרט ער אַ רעגימענט סאָלדאַטען, און זיי געהען איהם נאָך, טריט ביי טריט. די שטאָדט הילכט מיט מיליטערישע מוזיק. אַט שטעהט ער דאָרטען אויף אַ „רעוויואינג סטענד״. די סאָלדאַטען געהען איהם פאַרביי און סאַלוטירען. זיין פּנים שיינט פאַר גליק. אַט האָט מען צו איהם צוגעפיהרט אַ מחנה רעקרוטען, וועלכע האָבען נאָר געוואָלט האָבען זיין ברכה איידער זיי געהען אַוועק קעמפען פאַר „דעמאָקראַסי״ און ער שטעהט אונטער׳ן פרייען הימעל מיט אַן ענטבלויזטען קאָפּ אין פראָנט פון זיין האָטעל און גיט זיי זיין ברכה. זיי אַפּלאָדירען מיט אַזאַ התלהבות. יעדער וואָרט זיינער איז דאַן צוטראָגען געוואָרען איבער׳ן גאַנצען לאַנד. „גאָמפּער גיט די רעקרוטען און סעינט פּאול — זיין ברכה״.

און אַט לעז איך היינט אַזאַ מין פרעהליכע בשורה אין איינער פון די צייטונגען, געשריבען מיט גרויסע ווערטער, „500 סאָלדאַטען געלאַנדעט. זיי וועלען באַוועכען, און, אויב נויטיג, אויסלאָדען די שיפען און שיסען״. און אַט לעז איך נאָך אַ שטיקעל נייעס: „1000 סאָלדאַטען אין גערי. זיי זיינען אָנגעטאָן אין דער פולער יוניפאָרם, האָבען געבונג געוועהר, און טראָגען די שטאָלענע היטלען, וועלכע די סטרייקערס האָבען פאַר זיי געמאַכט אין צייט פון מלחמה״.

אַזאַ קאָנטראַסט קען דאָך אייך איינפאַך אויפפּרעסען פאַר פאַרדרוס. בפרט נאָך איהם, גאָמפּערס׳ן. אַלעס וואָס ער האָט געבויט און געשאַפען און אויף וואָס ער האָט זיין גאַנצע האָפענונג געלייגט פאַר דער פאַרזיכערונג פון מענשליכע רעכטע, פאַר די אַרבייטער וועמען ער האָט זיין גאַנצען לעבען פאַרטראָטען, האָט זיך פּלוצלינג פאַרוואַנדעלט אין איין אייזערנער וואַנט, וואָס לאָזט קיין איין טריט ניט מאַכען פאָרווערטס.

גאָמפּערס האָט שוין געהאַט ווי אין קעשענע זיין „לייבאָר איז נאַט איי קאָמאָדיטי״. וויפיל אָנגענעהמע מינוטען האָט

ער מיט דיזער פראַזע פאַרבראַכט. יעצט ווען ער איז געזעסען אין דעם אינדאָסטריעל קאָנפערענץ און האָט אודאי געמיינט אַז אָט, אָט און דאָס וועט אַריינגעשריבען ווערען אין די אונגעשרי־בענע אָבער שטאַרקערע געזעצען פון קאַפיטאַל, דאַרף ער נעבאַך דערזעהן זיין חלום צורונען ווערען. געריי און זיינע אַנהענגער ווילען גאָר ניט הערען פון דיזער תורה. פאַרקערט, זיי ווילען אַז גאָמפּערס זאָל זיי צוגעבען מיט זיין אייגענעם מויל, אַז „לייבאָר איז איי קאָמאָדיטי" און זאָל זיי העלפען אָוועקשטעלען אַר־בייטער יוניאָנס אויף דער זעלבער שטופע פון געזעץ ווי קאָר־פּאָריישאָנס. זיי ווילען אַז אַלע אַנטי־טראָסט געזעצע זאָלען אויך קענען אָנגעווענדעט ווערען געגען יוניאָנס, אַזוי אַז אין פאַל פון אַ נויט, זאָל מען קענען טאָן מיט אַלע אַנדערע יוניאָנס, וואָס מען האָט געטאָן מיט די העטערס יוניאָן און זייערע אַרבייטער. זיי רופען דאָס מיט׳ן שעהנעם נאָמען „די גלייכע פאַראַנטוואָרט־ליכקייט פון אַרבייט און קאַפּיטאַל".

גאָמפּערס איז קראַנק געוואָרען (פּילייכט פון פאַרדרוס) אין דער צייט פון דעם אינדאָסטריעל קאָנפערענץ. ווען ער האָט אָבער דערהערט וואָס דאָ טוט זיך מיט „לייבאָר" האָט ער זיך אַרונטערגעשלעפּט פון קראַנקען בעט און געקומען צום קאָנפע רענץ, און מיט זיינע לעצטע קרעפטען פאַרטיידיגט דאָס לעבען פון „לייבאָר איז נאַט איי קאָמאָדיטי". און וואָס האָט ער נעבאַך אַנדערש געקענט טאָן? אונטערגעבען זיך אַזוי מיר ניט, דיר ניט?

שרייבט וועגען דעם די „ניו יאָרק טיימס" אַ לאַנגען עדי־טאָריעל און זאָגט:

„עס פרעהט אונז זעהר שטאַרק וואָס גאָמפּערס איז געזונט געוואָרען און איז געקומען צוריק צום אינדאָסטריעל קאָנפערענץ. ווי עס ווייזט אָבער אויס, איז ער נאָך ניט פאָלקאָם געזונט גע־וואָרען גייסטיג. אַ באַווייז האָט איהר, אַז ער האָט זיך געוואַגט געגענשטעלען דער יושר׳דיגער פאָדערונג פון קאַפּיטאַל אַז „אַר־בייט" זאָל זיך ניט קענען אויסדרעהען פון פאַראַנטוואָרטליכקייט,

פון די אַנטי־טראַסט געזעצע, צוליב דעם קלייטאָן אַקט״. (לייבאָר איז נאָט איי קאָמאָדיטי).

גאָמפּערס, אין זיין שיקזאַל, קען פאַרגליכען ווערען צו פּרעזידענט ווילסאָן. מיט איין יאָהר צוריק איז ניט געווען אַ זאַך וואָס פּרעזידענט ווילסאָן זאָל ניט האָבען געזאָגט און דאָס לאַנד זאָל דאָס ניט אויפכאַפּען מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג. אַלעס פון איהם איז געווען שכל׳דיג און יושר׳דיג. זיין יעדעס וואָרט איז געווען פול מיט רמזים פאַר דעם אָנקומען פון אַ נייע, גוטע און שעהנע וועלט. איצט — איהר ווייסט אַלע וואָס יעצט איז. מען האָט זאָגאַר ניט געוואָלט גלויבען אַז ער איז קראַנק. פילע פּאָליטישענס האָבען געטרייט צו געבען אָנצוהערעניש אַז ער „מאַכט״ זיך, צוליב פּאָליטישע אורזאַכען. דאָס זעלבע איז מיט גאָמפּערס׳ן. עס איז געווען אַ צייט (גאָר ניט לאַנג צוריק) ווען זיין יעדעס וואָרט איז צוטראָגען געוואָרען איבער טעלעגראַף־דראָטען, איבער דער גאַנצער וועלט, און איז געריהמט געוואָרען אַלס די גרעסטע חכמה וואָס אַ מענש האָט ווען געקענט זאָגען, און יעצט — נעבאַך — יעדע זאַך וואָס קומט אַרויס פון זיין מויל, טויג ניט, און טו, מאַך!

גאָמפּערס שטעהט יעצט אויף אַ שפּיץ באַרג, וועלכער גרעניצט זיך מיט׳ן ים. ער שטעהט און קוקט ווי זיינע זייפען־בלאָזען, וועלכע האָבען געהאַט אַלע קאָלירען פון רעגענבויגען, פון דער זון, וואָס האָט אויף זיי אַרויפגעשיינט, פאַרלירען זייער קאָליר, אין דער כמאַרע וואָס די וואָלקענס האָבען מיט זיך אָנגעטראָגען.

זיי פּלאַצען איינע נאָך די אַנדערע. זיין קאַרטען־הייזקע ווערט צוטראָגען איבער אַלע זיבען ימים, פון דעם בייזען שטורעם וואָס הערשט אַרום איהם. ער קוקט אין דער ווייטער פוסטקייט, קוקט און קוקט . . .

איך זעה איהם פאַר מיינע אויגען און טראַכט — נעבאַך . . .

# אויף אַ מיטינג פון באָאַרד אָוו דירעקטאָרס פון לאָקאַל 2678

## אַ רחמנות־בילד אין איין אַקט

היימאַן בעאַמטער איז אַ מענעדזשער אין איינעם פון די אָפּי־סעסע פון אַ גרויסער אַרבייטער יוניאָן. זיין נאָמען איז באַקאַנט צו טויזענדער מענשען. אַלע אַרבייטער פון זיין דיסטריקט און אויסער זיין דיסטריקט קענען איהם. גאַנץ אָפט ערשיינט זיין נאָמען זאָגאָר אין די צייטונגען און דאָך פיהלט ער זיך מאַנכעס מאָל גאָר ניט אַזוי געהויבען געשטימט.

לעצטע נאַכט איז פאַר היימאַן בעאַמטער ניט געווען קיין זעהר גוטע נאַכט. ער איז געווען ניט מעהר ווי אַ בינטעל נער־ווען. ער איז אַנוועזענד געווען צו אַ מיטינג פון זיין באָאַרד אָוו דירעקטאָרס. און די באָאַרד אָוו דירעקטאָרס, ווי איהר ווייסט, זיינען דאָס זיינע בעלי־בתים און זיינע אונטערטאַנען, זיינע קריי־טיקער און זיינע לויב־געזאַנג זינגער, זיינע לעהרער און זיינע תלמידים און, קורץ און גוט — אַלעס אין דער וועלט זיינען זיי פאַר איהם . . .

לעצטע נאַכט האָט היימאַן בעאַמטער, אונזער מענעדזשער, אָפּגעגעבען זיין אָפּיס רעפּאָרט, דאָס טוט ער פּריוויליג און מוז דאָס טהאָן אַלע וואָך, אום קלאָהר צו מאַכען פאַר דער באָאַרד אָוו דירעקטאָרס אַלע פּאַסירונגען וואָס האָבען פּאַסירט —אין טרייד אין פאַרלויף פון דער וואָך. פאַר איין וועג, נאַטירליך, מוז ער אויך געבען זיין איבערבליק איבער דער אַלגעמיינער לאַגע פון טרייד און אויך געבען זיין מיינונג ווי אַזוי צו האַנדלען אין ספּע־ציעלע איינצעלנע „קייסעס"; ער דאַרף ראַטען וואו עס פּאָדערט זיך אַ דיפּלאָמאַטישע האַנדלונג, זאָ צו זאָגען, און וואו גראָדע מען מוז איינפאַך נעמען אַ שטעלונג.

יעצטיגע צייטען זיינען זיינע באַריכטען ניט אַזוי גלענצענד

ווי זיי זיינען אימער געווען, אויסער קריטיק רופען זיי, ביי דער באָארד אָוו דירעקטאָרס, קיין זאַך ניט אַרויס. פאַרשוואונדען איז דער אַמאָליגער, ערקוויקענדער שמייכעל פון די געזיכטער פון די מיטגלידער פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס! . . .

וואָרים, מישטיינס געזאָגט, וואָס קען ברודער היימאַן בע־אַמטער אייגענטליך באַריכטען אין אַזעלכע שלעכטע צייטען? דאָ איז ער געווען געצוואונגען צו ערקלעהרען אַ פּאָר סטרייקס; דאָר־טען סטרייקט מען שוין פאַר די לעצטע 15 וואָכען און קיין זיג איז נאָך דערוויילע ניטאָ; דאָרטען רייסען זיך די אַרבייטער צו סטרייקען און ער לאָזט ניט, ווייל ס׳איז ניט פּראַקטיש יעצט צו סטרייקען; דאָ מוז מען גראדע ערקלעהרען אַ סטרייק, האָבען לײדער די אַרבייטער קיין מוט ניט; אַ פּאָר „דיסטשאַרדזשעס״; אייניגע „ריאינסטייטמענטס״ — און דאָס אַלעס! לעבעדיגעס ענט־האַלט דער רעפּאָרט גאָר ניט. וועגען „רייזעס״, „רייסעס״ און אַנדערע גוטע סימנים פון גוטע צייטען ווערט אין זיין באַריכט קיין וואָרט ניט דערמאָנט. לויט ווי היימאַן בעאַמטער דריקט זיך אויס, איז יעצט אַ פּעריאָדע פון פּאַרטיידיגונגס סטראַטעגיקע, טיני מעהר.

די באָארד אָוו דירעקטאָרס גלייכט זעהר ניט צו הערען אַזעלכע באַריכטען. דאָס איז לאָטעס — זאָגען זיי — לאָטעס, ניט מעהר. וואָס זיי ווילען אָבער האָבען איז „עקשאָן״. און זייער עהרליכען מיינונג האָבען זיי זיך טאַקע ניט געשעהמט צו זאָגען אויך.

ברודער באָריס באַרנעט, פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס, האָט געהאַלטען אַ זאַכליכע רעדע וואָס האָט פאַרנומען אפשר אַ שטונדע. ער האָט צעגלידערט די לאַגע מיט אַלע איינצעלהייטען. די שטאַרקע פּונקטען פון זיין רעדע האָט ער ניט געזשאַלעוועט איבערצוגעבען עטליכע מאָל, און מען קען ניט זאָגען — ער האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק.

הויפּטזעכליך האָט ער אָנגעוויזען (אָבוואָהל אין אַ זעהר העפ־ליכען טאָן), אַז אונזער מענעדזשער׳ס אַרבייט איז ווייט פון צו זיין צופרידענשטעלענד. ער האָט כאַראַקטעריזירט דעם אָפּיס־רעפּאָרט אַלס וואַקלעדיג, אַלס אַ פּופציג־פּופציג געשיכטע. פּיי־

ערדיג איז ער געווען אין דער „קייס" פון ראצמאן און שינדער, וואו דער אָפּיס האָט רעקאָמענדירט צו האַנדלען פּאָרזיכטיג. ער האָט אַרויסגעצייגט די לעכערליכקייט פון שרעקן זיך פאַר אַט דיזע בעלי־בתים. — וואָס האָט זיך דער אָפּיס אַזוי דערשראָקן פאַר זיי — האָט ער געענדיגט. — לאָז מען נאָר דאָרטן דער־קלעהרען אַ סטרייק וועט דער אָפּיס זעהן ווי זיי וועלען קומען צו לויפען פאַרסאָפּעטע און זיך בעטען אַז מען זאָל מיט זיי סעטלען. גאַרניט, מ'האָט אַרונטערגעלאָזען די הענט און פאַרטיג! . . .

אין דעם זעלבען טאָן האָבען אויך גערעדט די איבעריגע רעדנער, מיט דער אויסנאַהמע פון ברודער אייב קוגעל. ער האָט גראַדע אונטערשטיצט דעם אָפּיס. ער האָט געמאַכט פאַרווירפע דער באָאַרד אָוו דירעקטאָרס דערפאַר, וואָס זי געהט ניט אַריין אין דער לאַגע פון אָפּיס און האַלטען נאָר אין איין רייסען און בייסען שטיקער פון איהם. — ווען די צייט איז אַ שלעכטע, דאַרף מען ניט שפּרינגען פון די האַלאַבליעס — האָט ברודער קוגעל געזאָגט. מען דאַרף זיין פאָרזיכטיג. יעצט — האָט ער געזאָגט — מוז מען האָבען נאָר אַזאַ פּאָליסי. רעוואָלוציאָנערע פראַזען וועלען אומברענגען די יוניאָן — האָט ער געשריען. צוטרויען צום אָפּיס מוזען מיר האָבען, ווייל אַלע ווייסען ווי שווער אונזערע באַאַמטע אַרבייטען יעצט. לאָמיר זיך פרעהען וואָס מיר האָבען אונזער „יוניע", אַז ניט וואָלטען מיר נאָך פון הונגער צעשטאָרבען אין אַזאַ ביטערען קריזיס. — אַט אַזוי האָט ברודער קוגעל גע־רעדט.

אָבער ברודער קוגעל'ס פּאַרטיידיגונג האָט קנאַפּ־וואָס טרייסט געגעבען ברודער היימאַן בעאַמטער, ווייל ער האָט געפיהלט, אַז די רעדע האָט אַ גאַנץ קנאַפּען איינדרוק געמאַכט אויף די צו־הערער. נאָך מעהר, ברודער היימאַן בעאַמטער האָט קלאָר גע־זעהן אַ גלייכגילטיגקייט צו דער גאַנצער רעדע. אין אייניגע שטעלען האָט ער זאָגאַר אונטערגעהערט ווי די באָאַרד אָוו דירעקט־טאָרס מעמבערס האָבען זיך איבערגעשושקעט איינע מיט די צווייטע וועגען ברודער קוגעל'ן און האָבען געזאָגט: אַי איז דאָס אַ לעקער. מען האָט איהם געדאַרפט ערוועהלען אין דער „לעקער קאָמיטע".

די „פריינדליכע״ קריטיק, צוזאַמען מיט די זייטיגע סאַרקאַס־טישע באַמערקונגען, האָבען ברודער היימאַן בעאַמטער ווי מיט נאָדלען געשטאָכען. די גאַנצע צייט פון דער דיסקוסיע איז ער געזעסען ווי אַ פאַרגליווערטער. ער האָט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען צו קוקען אַלעמען גלייך אין די אויגען און צו מאַכען דעם אָנשטעל אַז ער פיהלט זיך אויף קיין האָר ניט באַ־ליידיגט. אָבער ס׳איז איהם ניט געלונגען. זיין נשמה איז גע־ווען שמערצליך פאַרוואונדעט.

עס האָט איהם געשווינדעלט פאַר די אויגען. ער האָט נאָר געהאַלטען אין קוקען אויף דער רעדנער־ליסט. עפּעס איז איהם געווען צו לאַנג צו וואַרטען פאַר זיין נעקסט. ער האָט נאָר גע־וואָלט „דאָס וואָרט״. ער האָט געפיהלט ווי ער פּלאַצט איינפאַך פאַר פאַרדרוס. סטייטש, מען זאָל אַזוי אונדאַנקבאַר זיין צו איהם! ער, וואָס האָט זיין גאַנצען יונגען לעבען אַוועקגעגעבען פאַר דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די אַרבייטער, זאָל אַזוי ניט אָנערקענט ווערען, אַזוי קריטיקירט ווערען, אַזוי צו קליין־געלט געמאַכט ווערען . . .

ווען ער האָט ענדליך געקראָגען דאָס וואָרט, האָט ער זיך אַ הויב געטאָן פון שטוהל מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער עולם האָט זיך איינפאַך דערשראָקען פאַר איהם. ער האָט אַ דרעה געטאָן מיט די אויגען איבער׳ן מיטינג לאָקאַל, פּונקט ווי מיט צוויי „סוירטש־לייטס״. ער האָט פאַרשטשעמעט די ליפּען, האָט אַ ווייל־געשוויגען און געקוקט, און געקוקט ביז ער האָט אין אַ זעהר נידעריגער און ציטערענדיגער שטימע אַרויסגעזאָגט: ב־ר־י־ד־ע־ר . . .

נאָכהער האָט ער אַרונטערגעלאָזט זיין קאָפּ אַרונטערצו, דער־נאָך האָט ער אַ הויב געטאָן זיין קאָפּ אַרויפצוצו, מיט׳ן צווייטען פינגער פון דער לינקער האַנט האָט ער זיין קאַלנער אַרונטערגע־דריקט, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט גערעמער מאַכען אין האַלז, האָט אַ דרעה געטאָן די קאָפּ לינקס און רעכטס, אַזוי אַ מאָל צוויי־דריי, נאכהער האָט ער ביידע הענט אַריינגעלאָזט אין ביידע הויזען קעשענעס, נאכהער האָט ער די רעכטע קניה אַביסעל צום פאָרענט איינגעבויגען, ביידע הענט אַרויסגענומען צוריק און האָט

מיט דער רעכטער האַנט אַ מילדען פּעטשעל געגעבען אין דער לינקער לאַדאָניע, דערנאָך האָט ער די לינקע האַנט אַזוי אויף דעם לינקען זייט אַרויפגעלייגט אין דער פּאַרמע פון אַ שפּאַן און נאָכהער ווייטער אַ דורכדרינגענדען קוק געגעבען און האָט אָנ־געפּאַנגען זיין פאַרטיידיגונגס רעדע.

און מ׳קען ניט זאָגען, ער האָט געהאַלטען אַן אויסגעצייכענטע רעדע. נאָך אַלעמען דאַרפט איהר ניט פאַרגעסען, אַז היימאַן בעאַמטער איז באַוואוסט אַלס איינער פון די גוטע רעדנער פון זיין קרייז. ניט איין מאָל האָבען טויזענטער הענט אָפּגע־הילכט מיט אַפּלאָדיסמענטען ווען ער האָט גערעדט. היינט איבער־הויפּט נאָך דעם מאָל, האָט ער זיך אַליין איבערגעטראָפען, ווייל איהר דאַרפט ניט פאַרגעסען, אַז דאָ האָט זיך ניט געהאַנדעלט וועגען אַבסטראַקטע טעאָריעס. דאָ איז געווען פאַרוויקעלט זיין קאָנקרעטער, זיין אייגענער איך, וועלכער איז אַזוי אומבאַרעמ־האַרציג געקרייציגט געוואָרען. זיין רעדע איז דערפאַר געווען אַ געוועב פון מאַרך און האַרץ, פון געדאַנק און נשמה, פון פאַר־שטאַנד און געפיהל, ערטערווייז באַשפּרינקעלט מיט האַרציגען פּאַטאָס, וועגען דעם גרויסען קרבן וואָס ער האָט געבראַכט פאַר דעם ליידענדען אַרבייטער קלאַס. אַזוי אַרום האָט ער מיט זיינע ווערטער געשאַפען אַ גאָלדענע האַרמאָניע, וואָס האָט ווייך געמאַכט אַלעמענס הערצער און צוריק אַריינגעבראַכט די ליבע, דעם רעספּעקט און די פאַרגעטערונג וואָס אַלע האָבען פאַר איהם אַלע מאָל געהאַט.

אָט אויף אַזאַ וועג האָט יעדער פּאַראַגראַף זיינער געוואונען אַ געגנער, ביז ענדליך איז זאָגאַר ברודער מאָריס בארנעט געקו־מען צום שלוס אַז ער איז געווען צו האַסטיג אין זיין קריטיק און ער האָט שוין ביי זיך אָפּגעמאַכט די מיינונג אָפּען צו ערקלעהרען די ענדערונג, וואָס איז אין איהם פאָרגעקומען.

דערמיט וואָלט זיך דער מיטינג זיכער געענדיגט, ווען ניט אַן „אומגליקליכער״ צופאַל. היימאַן בעאַמטער האָט זיך, צום שלימ׳מזל, אַרויסגערעדט אַ וואָרט וואָס ער האָט ניט געדאַרפט זאָגען. גראַדע האָט ער „פערזענליך״ אָנגעגריפען ברודער באַר־נעט.. ער האָט געזאָגט, אַז איהם דאַכט זיך, אַז ברודער בארנעט

איז אין גאַנצען ניט קלאָר אין דער פראַגע. דאָס האָט שוין אַרויס־גערופען אַ פּראָטעסט פון פילע מעמבערס פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס. זיי ווילען ניט אַז אימיצער זאָל דאָ באַליידיגט ווע־רען — האָבען זיי געשריען. און מען קען ניט זאָגען, זיי האָבען רעכט געהאַט. נאָך אַלעמען וויל קיינער ניט אַז מען זאָל איהם באַליידיגען, בפרט נאָך אַן עקזעקוטיוו באָארד מעמבער, וואָס קריגט זאָגאַר ניט באַצאָלט פאַר זיינע טעג און נעכט, וואָס ער גיט אַוועק דער יוניאָן.

האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטורעם. אייניגע האָבען געפאָדערט אַן ענטשולדיגונג; אַנדערע האָבען פּראָטעסטירט; אייניגע, ווי־דער, האָבען ערקלעהרט, אַז לויט ווי עס ווייזט אויס, האָבען זיי אין גאַנצען ניט וואָס צו זיין ביי אַ ב. אָוו ד. מיטינג. זאָל מען איבערלאָזען ברודער בעאַמטער די יוניאָן און זאָל ער זיין דער אַליין הערשער און פאַרטיג — האָבען זיך געהערט קולות.

נאַטירליך, איז ברודער היימאַן בעאַמטער ניט געווען אַזוי פרעהליך אויפ'ן האַרצען. יעדער וואָרט האָט ווי דורכגעלע־כערט זיין האַרץ. זיינע באַקען זיינען רויט געוואָרען פאַר צאָרען; ער האָט געקריצט מיט די צייהן און געפיהלט בשעת מעשה, ווי עפּעס אָפּצורעכענען זיך מיט אימיצען, אָבער ער האָט זיך איינ־געהאַלטען.

וואָלט יעמאנד געקאָנט אַריינדרינגען אין זיין נשמה ביי יענעם מאָמענט, וואָלט ער מסתמא אויסגעפונען אַז ברודער היי־מאַן בעאַמטער האָט דאַן געמאַטערט אַ געוואַלדיגער פאַרדרוס, וואָס ער האָט אַוועקגעגעבען יאָהרען פון זיין לעבען — פרעג פאַרוואָס און פרעג פאַר ווען. פאַר גאָר ניט. בלויז צו מאַכען מעגליך פאַר אייניגע מיט בייסענדע צינגער, צו איזדיעקעווען זיך איבער איהם און צו פאַרלעצען זיינע געפיהלען אויף אַזאַ אונ„ברחמנות'־דיגען אופן.

דאָס יוניאָן לעבען האָט אָבער אין איהם אַנטוויקעלט אַ שטאַרקע פעהיגקייט צו קענען פאַרבאָרגען אַלעס הינטער אַ שמייכעל און קיינער האָט זאָגאַר ניט פאַרדעכטיגט אַז ער נעמט די גאַנצע געשיכטע ערנסט. פאַרקעהרט, ברודער קוגעל, קו־קענדיג ברודער בעאַמטער אין די אויגען, האָט פון זיי געשעפּט

באַגייסטערונג. ער איז געווען ביי זיך זיכער, אַז אָט באַלד וועט זיך ענדיגען די גאַנצע קאָמעדיע מיט אַ נידערלאַגע פאַר די אָנ־גרייפער. עס ווענדעט זיך נאָר אָן דעם ווי לאַנג ברודער בעאַמטער וועט מוזען וואַרטען אויפ׳ן וואָרט. — זאָל ער נאָר נעמען דאָס וואָרט, דאַן וועט ער פון זיי מאַכען פיפּקע, וועט ער פון זיי מאַכען, — האָט ברודער קוגעל ביי זיך געטראַכט.

אַזוי איז עס טאַקע געווען. ברודער בעאַמטער האָט געקראָגען „דעם לעצטען וואָרט״. ער האָט גענומען צייט, אָבער ער האָט גערעדט גוט. אין זעהר, זעהר אַ מילדען טאָן, אַזוי אַז אין אַ האַלבע שטונדע צייט, האָט ער אַלעמען איבערצייגט אַז ער האָט גאָר ניט געמיינט קיינעם צו באַליידיגען און אַז ער איז אין גאַנצען „סורפּרייזט״ ווי אַזוי מאַנכע האָבען אַזוי שלעכט אויס־געטייטשט זיינע ווערטער. (און אַלע האָבען זיך אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערונג, ווי אַזוי זיי האָבען גאָר געקאָנט זעהן אַ באַ־ליידיגענדע מיינונג אין אַזעלכע אומשולדיגע ווערטער.) ער האָט זיך אויך אַביסעל באַקלאָגט אויף די שלעכטע באַהאַנדלונגען, וואָס מען האָט איהם לעצטענס אָנגעפאַנגען אויסצוטהיילען און גענדיגט מיט אַ שטאַרקען אַפּיעל פאַר איינגקייט, האַרמאָניע און ליבע צווי־שען אַלע מעמבערס און אָפיסערס. ער האָט געשלאָסען מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„זאָלען מיר אַלע, מיט פאַראייניגטע כחות, פאַרטזעצען אונזער קאַמף געגען די וואָס עקספּלואַטירען אונז, און לאָמיר געהן פון זיג צו זיג ביז דער ענדליכער באַפרייאונג פון אַרבייטער קלאַס!״

האָבען, אַלזאָ, די באָאַרד אָוו דירעקטאָרס־מעמבערס איינגע־זעהן, אַז זיי האָבען צו־האַסטיג געהאַנדעלט. אַ רחמנות געפיהל האָט זיי אַרומגענומען. זיי האָבען עפּעס דעפיהלט אַ פאַרדרוס וואָרום זיי האָבען זייער מענעדזשער אַזוי פיל עגמת נפש פאַר־שאַפט. ווען זיי וואָלטען זיך ניט געשעהמט, וואָלטען זיי איהם אַרומגענומען און געקושט, פונקט ווי אַ קינד וואָס האָט געוויינט פון דעם טאַטענ׳ס רוט. אָבער דאָס האָבען זיי זיך געשעהמט צו טהאָן. זיי האָבען איהם בלויז אָנגעקוקט מיט מילדע, סימפּאַטישע בליקען, וואָס האָבען גערעדט קלאָהרער פון ווערטער. אַזוי אַרום איז געמאַכט געוואָרען „דירעקט צום פאַרשלאַג״ אַז דער אָפיס־

רעפּאָרט פון אונזער מענעדזשער זאָל גוט־געהייסען ווערען. גלייך האָט זיך דערהערט אַ הילכיגער „אונטערשטיצט!״ און דער טשער־מאַן האָט נאָכהער געפרעגט: „אַלע וואָס זיינען דאַפיר זאָלען מיט יאָ באַאַנטוואָרטען.״

„יאַ!״ האָבען אַלע געענטפערט.

„דאַגעגען״? — האָט דער טשערמאַן געפרעגט.

„קיינער״ — האָט דער טשעמאַן געענטפערט.

„דערמיט פאַסירט!״ — האָט דער טשערמאַן אַנאָנסירט און אַ צופרידענעם קלאַפּ געגעבען מיט׳ן האַמער.

האָבען אַלע אויסגעשאָסען אין אַ האַרציגען געלעכטער און אַזוי ווי עס איז געוואָרען שפּעט איז דער מיטינג געשלאָסען געוואָרען.

## אַי די „עקזאַמינײשאָנס און אבדזשעקשאָנס"!

איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין דעם צימער פון דער „עקזאַמינײשאָן און אָבדזשעקשאָן" קאָמיטע פאַר ביזנעס אײדזשענטס פון דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, און אַי, גאָט! וואָס פאַר אַ פאַרגעניגען דיזער פּלאַץ האָט אין זיך געהאַט פאַר־פאַרבאָרגען פאַר די פרעהליכע און זאָרגלאָזע וועזענס.

נאָר צוריק גערעדט, וואָס איז דאָרט אַזוינס פאַר אַ שמחה געוועזן? גלויבט מיר, אַז עס איז געוועזן אַ רחמנות צוצוקוקען, ווי מאַנכע קאַנדידאַטען האָבען זיך געמאַטערט, — ניט פאַר קיין אידען געדאַכט!... מיר דוכט זיך, אַז דער וואָס מאַכט דורך אַן עקזאַמען פאַר ביזנעס־אַגענט אין דער קלאָוקמאַכער יוניאָן, וועט שוין קיין גיהנום ניט דאַרפען ליידען. אַזאַ מאַטערניש, אַזאַ ליידען, אַזאַ אינקוויזיציע!!

פאַראַן מאַנכע קלוגע יאַטען, וואָס דיינקען אַז אַלעס איז אַ חכמה. זיי וויסען איינפאַך ניט קיין גרעניץ אין זייער אַריינ־גריבלען זיך אין די אינערליכסטע אינערליכקייטען פון איינעמס נשמה. און דאָס זיינען עקזאַמינערס!

שטעלט איך פאַר אַזאַ פראַגע. „ווארום האָט זיך אייך פּלוצ־לונג פאַרגלוסט צו ווערען אַ ביזנעס אײדזשענט, איז עס ניט ווילד? איז עס עטיש? דאָס, נאָך מיין מיינונג, איז איינע פון די פּריוואַטע אַנגעלעגענהייטען פון דעם אַפּליקאַנט און קיינער, קיינער האָט ניט קיין מאָראַלע רעכט זיך אַריינצומישען אין די פּריוואַטע אינטימליכקייטען פון אַ לעבעדיגען וועזען. ווען גאָט וועט מיך שטראָפען און וועט מיך מאַכען אַזוי נויטבאַדערפטיג, אַז איך וועל מוזען ווערען אַן אַפּליקאַנט פאַר דעם „אמט" פון ביזנעס־אַגענט, וועל איך קיינמאָל אַזאַ פראַגע ניט ענטפערען. איך ערקלעהר עס אָפען און באַצייטענס און איהר קאָנט טאָן דאָס ערגסטע, מיך אַרונטערנעהמען פון באַלאָט.

מיר דוכט, אַז עס איז גאָר אַ זינד צו דענקען אַז אין דעם 20טען יאָהרהונדערט, אין דער צייט פון וועלטליכע איבער־קעהרענישען, פון פּראָגרעס און פון לויטערע אידעאַלען זאָלען

זיך גאָר געפינען מאַנכע וואָס זאָלען גאָר דענקען, וואָס זאָלען זאָגאָר פאַרדעכטיגען אַז אין דיזער צייט זאָלען אַפּליקאַנטען פאַר עמטער אין אַן אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן גאָר אין זינען האָבען זייערע מאַטעריעלע אינטערעסען אויך! פּרינציפּ! פּרינציפּ! דאָס איז די טרייב־קראַפט פון אַלע אונזערע האַנדלונגען, אַזוי זאָג איך און אַזוי האָט געזאָגט פּאָמפּאַדור.

און לאָמיר נעהמען און איבערקעהרען דאָס בלעטעל אויף צוריק. לאָמיר פאַר אַ ווײַלע צוגעבען (אויף אַ ווײַלע זאָג איך), אַז מאַנכע ווילען ווערען באַאַמטע אין דער יוניאָן אום צו פאַר־בעסערען זייער לאַגע. טאָרען זיי ניט? איז עס פאַרווערט פון דער קאָנסטיטוציע? צי דען דאַרפען זייערע פרויען און קינדער ניט לעבען? האָבען זיי ניט דיזעלבע פאַרלאַנגען, דיזעלבע באַ־געהרען, דיזעלבע שטרעבונגען, דיזעלבע האָפנונגען, דיזעלבע ער־וואַרטונגען און דיזעלבע טרוימען? וואָס טהוט זיך דאָ?

פאַרוואָס — וויל איך פרעגען — פאַרוואָס איז עפּעס אין איינ־פאַכען שאַפ דאָ דער פּרינציפּ פון גלייכע צוטיילונג פון אַרבייט און אין אַ יוניאָן ניט? פאַרוואָס? פאַרוואָס זאָל מען ניט נעהמען די ביסעל אַרבייט וואָס ס'איז דאָ אין דער יוניאָן און עס צוטיילען צווי־שען די אַלע וואָס פאַרלאַנגען עס און וואָס פאָדערען עס? צו וואָס אָט די גאַנצע מאַכענאַציע מיט עלעקשאָנס? זאָל מען געבען יעדען איינעם אַ פּראָבע. וועט ער קאָנען, איז דאָך אודאי גוט, אויב ניט, איז גוד־ביי. וועט מען איהם שפּעטער שיקען אַהיים.

מיט דעם וועלען מיר אַמווייניגסטענס אויפטאָן אָט־וואָס: אַלע וועלען זיין צופרידען. קיינער וועט קיין טענות ניט האָבען, אַז מען האָט איהם צו שווער עקזאַמינירט און דאָס גלייכען. היינט דער שוויצען! אַלמעכטיגער האר פון הימעל, גאָט פון אַלע אונ־טערדריקטע און פאַרפאָלגטע, — וויפיל טייכען שוויס זיינען דאָס פאַרגאָסען געוואָרען אָט אין דער קורצער צייט פון די עקזאַמיניי־שאָנס! צו וואָס האָט מען דאָס אַלץ געדאַרפט?

איינער אַ פּרעסער, וואָס איז אַכט־און־צוואַנציג יאָהר אין פאַך, „נימאלס געסקעבט! יעדעס מאָל געצאָהלט; נימאלס ריק־שטענדיג געוואָרען" — אַ מאַן מיט אַלע מעלות, איהם האָט מען פון באַלאָט אַרונטערגענומען! און פאַרוואָס? פאַר גאָרנישט. ער

האָט ניט געוואוסט אייניגע ענטפערס אויף אייניגע פראַגען. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז די אַמעריקאַן פעדעריישאָן אָוו לייבאָר ווערט רעגירט ביי אונזער דזשוינט באָארד; נו, איז וואָס?

און לאַמיר טאַקע גוט באַטראַכטען די פראַגע. אפשר האָט ער גאָר געקראָגען „סטיידזש־פיבער״, אָדער ער האָט זיך דער־שראָקען; אפשר איז ער גאָר געווען נערוועז און אפשר האָט ער טאַקע אַלץ געוואוסט, נאָר ער האָט ניט געוואָלט זאָגען! אפשר, אפשר. איהר פאַרשטעהט מען קאָן דאָך יענעם אין האַר־צען די אַריינקריכען.

היינט דער שפּאָגעל־נייער אומגליק — די מעמאָראַנדומס. דאָס איז עפּעס גאָר אַ משוגע׳נע אַנשיקעניס. מען כאַפּט מענשען מען זעצט זיי אַריין אין אַ שטול, פאַרסאַפּעט, פאַרשוויצט, צו־שראָקען און פּלוצלונג טראַך! זאָגט מיר עטוואָס וועגען דעם מעמאָראַנדום . . . וואָס מעמאָראַנדום! ווען מעמאָראַנדום! מיט וואָס עסט מען עס, ברודער? היינט געה טו זיי עפּעס!

היינט די אַנדערע זאַכען: „מעדיאיישאָן״, „אַרביטרייישאָן״, „קאָלעקטיוו באַרגיינינג״, „סאָלדזשערינג אָן די דזשאָב״ מיט די אַלע אַנדערע טרימינגס דערצו. זיינען דאָס געווען יושר׳דיגע פראַגען? ניין!

נאָר פונדעסטוועגען פרעהט מיר אַביסעל דאָס האַרץ אויף אייניגע. זאָלען זיי פריהער אַביסעל פּאָקען און מאַזלען און נאָכ־הער קומען בעטען אַ טהייל פון דער העכסטער עהרע. אָט די וואָס זיינען קיינמאָל ניט געקומען צו די מיטינגען פון דער יוניאָן, וואָס האָבען קיינמאָל קיין אָנטהייל ניט גענומען אין דער יוניאָן, אָט די וואָס זיינען בלויז געווען דיוס־צאָהלענדע מיטגלידער, — אויף זיי פרעהט מיך דאָס האַרץ, וואָס זיי זיינען דורכגעפאַלען. זאָלען זיי וויסען, אַז אין אַ יוניאָן מוז מען אויך לערנען אום כדי צו קאָנען אויסהאַלטען אַן עקזאַמען, און אַז די איינציגע שול פאַר יוניאָן־וויסענשאַפט איז טאַקע אין דער יוניאָן גופא.

און אפשר, וואָס פרעה איז זיך? קאָן זיין אַז ס׳איז אויף זיי אויך אַ רחמנות.

ווער ווייס? . . . טאַקע אַ רחמנות . . .

## ווען דער הימעל איז פאַרוואָלקענט

ביטער איז דעם מענשען, וואָס פאַלט, ניט פאַר קיין אידען געדאַכט, אַריין אין אַ מעלאַנכאָלישער שטימונג. דאַן איז פאַר איהם איינפאַך אַן עק וועלט. אַלעס, אַלעס וואָס ער קען זעהן איז — שוואַרץ.

איך האָב דורכגעלעבט אַ שלעכטע וואָך. מיך האָט עפּעס פאַרקלעמט דאָס האַרץ, פאַרדריקט די נשמה און דער מאַרך האָט אָנגעפאַנגען מיך פרעגען אַזעלכע נאַרישע, לעכערליכע און אומזיניגע פראַגען. אַ גאַנצע וואָך, אָהן אַן אויפהער, האָט מיך מיין געדאַנק פאַרפאָלגט. ער איז נאָר באַשטאַנען אויף ענטפערס אויף, למשל, אַזעלכע פראַגען: —ווער ביזטו? וואָס ביזטו, וואָס שלעפּסטו זיך אַרום אויף דיזער וועלטעל? וואָס איז דער צוועק פון דיין זיין, און וואָס איז דער פאַרלוסט פון דיין ניט זיין? וואָס לויפסטו, וואָס האַוועסטו, וואָס היצסטו זיך און וואָס קאָכסטו זיך? און . . . און . . . און . . .

און וואָלקענס פליהען . . .

מיט אַ צוואַנציג יאָהר צוריק זיינען פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע געקומען צוויי קינדער, צוויי ברידער — פּייוועל און מאָטעל אַרימסקי. זיי זיינען געווען אָרעם און עלענד און זיינען געקומען אַהער זוכען זייער גליק.

איינער פון זיי איז געוואָרען אַן אָפּערייטאָר ביי מאַנטלען. דער צווייטער — האָט געפּעדעלט מיט קענדי. ביטער איז דאַן געווען זייער שיקזאַל. זיי זיינען פאַר זייער שווערער אַרבייט באַלוינט געוואָרען מיט הונגער. און אַלע נאַכט, ווען זיי פלעגען אַהיים קומען, פלעגען זיי, פאַר צרות, שילטען די רייכע. און אַלע פריהמאָרגען, ווען זיי פלעגען זיך צו דער אַרבייט אַוועקלאָזען, פלעגען זיי באַוויינען די אָרימע.

די רעדעל האָט זיך אַ דרעה געטאָן, זיי האָבען אָנגעזאַמעלט אַ פּאָר דאָלאַר און זיינען געוואָרען פאַבריקאַנטען, פאַבריקאַנטען פון פרויען מאַנטלען, און דער מזל איז געווען מיט זיי. צו וואָס זיי האָבען זיך נאָר צוגעריהרט איז אין גאָלד פאַרוואַנדעלט גע־

וואָרען. זיי זיינען געוואָרען רייכער פון טאָג צו טאָג. פון עט־ליכע „הענט״ איז זייער פאַבריק פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דעם גרעסטען שאָפּ פון דער מאַנטעל אינדוסטריע, אין אַ פאַבריק וואָס באַשעפטיגט הונדערטע און הונדערטע „הענט״.

מאָטעל און פייוועל זיינען געוואָרען רייך; מאָטעל און פייוועל זיינען געוואָרען קלוג; מאָטעל און פייוועל זיינען געוואָרען באַ־ריהמט. אין די געגענדען פון די רייכע האָבען זיי זיך באַזעצט; צו דער פאַבריק אין אויטאָמאָבילס געקומען; באַדינטע זיינען אויסגעשטרעקטע פאַר זיי געשטאַנען. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. זייערע נעמען — פייוועל און מאָטעל ארימסקי — זיינען מיט גאָלדענע בוכשטאַבען אויסגעקריצט געוואָרען אויף ווייסע מאַרבעל אין אַלע אידישע וואוילטעהטיגע אַנשטאַלטען. פאַרגעסט ניט, זיי האָבען טויזענטער און טויזענטער דאָלאַרס, יעהרליך אויף צדקה צוטהיילט.

און די אַרבייטער? איך האָב זיי די וואָך געזעהן. ווי אויס־געדריקטע לעמאָנס זעהען זיי אויס. אָרימע, עלענדע, נידערשלאָ־גענע, מיט אויסגעלאָשענע אויגען, אָהן האָפענונגען, אָהן לעבען.

מאָטעל און פייוועל האָבען מיליאָנען געמאַכט. און אום צו מאַכען די מיליאָנען, האָט מען געמוזט האָבען אַרבייטער און גוטע, געטרייע אַרבייטער. האָבען די אַרבייטער, יעדען טאָג און יעדע וואָך און יעדען יאָהר, שטראָמען ענערגיע מיט לעבען אַוועקגע־געבען. דאָס איז אין גאָלד פאַרוואַנדעלט געוואָרען פאַר מאָטלען און פייוועל׳ען. מאָטעל און פייוועל זיינען רייך געוואָרען און די אַרבייטער — אָרים געוואָרען, אָבער ניט אָרים אין געלט בלויז — נאָר איינפאַך אויך אין קרעפטען. זיי האָבען ניט קיין מאַרך אין די ביינער מעהר. אויסגעטריקענטע סקעלעטען זיינען זיי פאַרבליבען פון די ערפאָלגרייכע געשעפטען וואָס זייערע אַרבייטס־געבער האָבען געמאַכט.

מאָטעל און פייוועל, די גרויסע פילאַנטראָפּען, האָבען דיזע טעג זייערע אַרבייטער אין גאַס אַרויסגעוואָרפען. גאָר אָהן צע־מאָניעס די מאַשינעס אָפּגעשניטען, די פּרעסער טישען צובראָכען, די קאָטינג־טישען אַרויסגענומען, און — פאַרטיג.

— איך דאַרף אייך שוין מעהר ניט האָבען, — האָט איינער

פון די בעלי־בתים געזאָגט, — איהר קענט ניט אויסאַרבייטען וויפיל געלט איהר קריגט פון מיר, און אַלס אַזעלכע זיינט איהר גוט־באַרעכטיגטע אַפּליקאַנטען פאַר טשאַריטי. אָבער אַרבייט — דאָס ניט. מיין שאַפּ איז ניט קיין צדקה אַנשטאַלט. דאָ איז ריינע, קאַלטע ביזנעס.

זיצען מאָטעל און פייוועל אין זייערע רייכע היימען און קוקען זיך אָן איינער דעם אַנדערען מיט גרויס צופרידענהייט. זיי זיינען צופרידען מיט דעם קלוגען איינפאַל זייערען, וואָס זיי זיינען פטור געוואָרען פון די אַלטע, אויסגעצערטע אַרבייטער. זיי וועלען יעצט קריגען אינגערע פאַר ביליגער. צופרידען מיט דער גרויסער מאַכט, וואָס זייער קאַפּיטאַל גיט זיי אין דער געזעל־שאַפט, און נאָך גליקליכער פיהלען זיי זיך מיט דעם באַוואוסטזיין וואָס זיי זיינען אימשטאַנד צו פאַרגיטיגען זייער האַרצלאָזע טהאַט געגען זייערע אַרבייטער. זיי וועלען אין נאָך אַ האָספּיטאַל, אין נאָך אַ שול און אין נאָך אַ בית־יתומים אויסקריצען זייערע נעמען מיט גאָלדענע בוכשטאַבען און גאָט און די געזעלשאַפט וועלען זיי פאַרגעבען און פאַרגעטערען.

און די אַרבייטער? — זיי שטעהען אין דער ביטערער קעלט אויפ'ן גאַס, קוקען אָן מיט פאַרצווייפעלטע אויגען די ריזיגע פאַב־ריק־געביידע, אין וועלכע זיי האָבען זייער לעבען, זייערע האָפע־נונגען און זייערע טרוימען פאַרלאָרען. מיט אויסגעשטרעקטע הענט צום הימעל שרייען זיי אויס: געוואַלד, דאָס איז דאָך אַלעס אונזערע! יעדער ציגעל און יעדער שרייפעלע איז דאָך אַ טהייל פון אונזער לעבען! ווי אַזוי קען מען דאָס אונז, די אמת'ע באַלע־באַטים, פון דאַנען אַרויסוואַרפען!

דער קאָך און דער גערויש פון די ניו יאָרקער גאַסען דער־שטיקט זייערע שטימען. זיי בלייבען שטעהן הילפלאָזע און ענטוישטע. קיינער זעהט זיי ניט און קיינער הערט זיי ניט . . .

אַזאַ פאַסירונג באַלעסטיגט מיך מיט אַ יאוש, מעקט אָפּ מיין שמייכעל, דערשטיקט מיין געזאַנג און צווינגט אויף מיר אַרויף אַ גלויבען, אַז אַלע מאָל וועלען שוין די וואָלקענס פליהען . . . ווען דער הימעל איז פאַרוואָלקענט . . .

# וואָס מיינט פרייהייט?

(פסח־געדאַנקען)

פסח׳ס געהען און קומען און די וועלט שטעהט אויף איין אָרט. יעדען יאָהר ראַמען מיר אויס דעם חמץ, רייניגען אויס אונזערע הייזער, זעצען זיך אויפ׳ן הסיב־בעט, און דאָך בלייבען מיר אַלץ אויפ׳ן זעלבען פלאַץ, ווי געווען.

פסח איז דער יום־טוב פון באַפרייאונג. מיט אַ פּאָר טויזענד יאָהר צוריק זיינען די אידען אַרויס פון מצרים. זיי האָבען זיך באַפרייט פון שקלאַפעריי. אין דיזער הינזיכט זעהט דערפאַר פסח אויס צו זיין דער וויכטיגסטער מענשליכער יום־טוב. אָבער...

וואָס פייערען מיר דאָ? וואָס פאַר אַ סאָרט פרייהייט האָבען דאָס די אידען געקראָגען? וואָלטען מיר צופרידען געווען מיט אַזאַ סאָרט פרייהייט? ברידער, שוועסטער, חברים, גענאָסען און אַלע לעזער פון דער „גערעכטיגקייט״, זאָגט נאָר, וואָס אַזוינס איז עס וואָס מיר רופען פרייהייט? . . .

איינינגע ווילען פרייהייט פון וואָרט. אַנדערע קעמפען פאַר פרייהייט פון טהאַט. פילע זוכען פּאָליטישע פרייהייט. אַ סך בענקען נאָך אינדוסטריעלער פרייהייט, געזעלשאַפטליכע פרייהייט און אינדיווידועלע פרייהייט. אַן ערב רב פון פריהייט באַגעהרט די מענשליכע נשמה. און דאָס טראַגישסטע דערפון איז, אַז קוים נאָר קריגען מיר די געווינשטע, די געטרוימטע פרייהייט, בלייבען מיר אָפּהענדיג און ענטוישט פון אונזער זיג. און ווייטער זוכט און גאַרט און לעכצט און בענקט די נשמה נאָך פרייהייט, נאָך אַ נייערער און שעהנערער פרייהייט.

וואָס איז פרייהייט? . . .

אַמאָל האָבען די רוסישע בירגער, און די אידישע בירגער פון רוסלאַנד, געבענקט נאָך פרייהייט. זיי האָבען געזוכט אַרונטערצוּוואַרפען דעם צאַרישען יאָך. זיי האָבען געטרוימט זייערע פרייהייטס־טרוימען באַהאַלטען אין די וועלדער הינטער׳ן שטאָדט. דאָרטען האָבען זיי זייערע פרייהייטס־פּלענער געמאַכט. אין די

קעלערס האָבען זיי זייערע פרייהייטס־לידער געזונגען. אין די טורמעס האָבען זיי אַ פרייע צוקונפט געוועבט. „דאָלאַי סאַמאָ־דערזשאַוויע!" האָבען זיי אויסגערופען, „דאַ זדראַווסטוואויעט סאָ־ציאַליסטיטשעסקאַיאַ רעספובליקאַ!" האָבען זיי אויסגעשריען. זייערע שטימען האָבען אָפּגעקלונגען פון איין עק רוסלאַנד ביז'ן צווייטען. אויף באַריקאַדען געקעמפט אויף עשאַפאָטען געגאַנ־גען; דורכגעלעכערטע פון קוילען זיינען דיזע טרוימער געפאַלען. און איצט האָבען זיי זייער טרוים פאַרווירקליכט! ניטאָ מעהר קיין הערשער אין רוסלאַנד, ניטאָ קיין צאַר; ניטאָ קיין עקספּלו־אַטאַטאָרס — רוסלאַנד האָט זיך ערוואָרבען אַ סאָציאַליסטישע רעפּובליק! רוסלאַנד איז באַפרייט!

ווי שעהן! האָט אָבער רוסלאַנד פרייהייט? און אויב ניט — וואָס איז דאָס אַזוינס דאָס, וואָס מיר רופען פרייהייט? וואָס פאַרט . . .

זיצען דאָ פילע אין דער וואַרימקייט, ליכטיגקייט און פריי־הייט פון אַמעריקע און שרייען ביז צום הימעל, אַז די הויפּט־זאַך וואָס פעהלט יעצט אין רוסלאַנד — איז פרייהייט. יוהז זאָגט, אַז רוסלאַנד איז אַן עקאָנאָמישע פוסטקע. גאָמפּערס טענה'ט, אַז דער רוסישער אַרבייטער איז פאַרשקלאַפט צום שטאַט; איהם פעהלט דאָס רעכט צום סטרייקען. פילע גוט־מיינענדע סאָצי־אַליסטען פאַרדאַמען זאָגאַר די יעצטיגע רוסישע אָרדענונג. זיי זעהען ניט קיין פרייהייט אין אַ לאַנד, וואו אַן אַרבייטער ווערט פאַראורטיילט צו אַ הונגער־טויט אויב ער ענטזאָגט זיך צו אַר־בייטען. פוי, — זאָגען זיי, — אויף אַזאַ סאָרט פרייהייט, וואו צוואַנג, מוז געברויכט ווערען געגען דעם הייליגען, איידעלען מין מענש, — משמעות, אַ נייעם, אַ שעהנערען פרייהייטס־געוועב־שפינט שוין אויס זייער פאַנטאַזיע.

וואָס איז דאָך פרייהייט?

פרייהייט איז אַ צויבער־קראַפט, וואָס טרייבט אונז פאָרוועטס; פרייהייט דערשרעקט אונז אַזוי שנעל ווי מיר קומען צו איהר.

פסח איז דער יום־טוב פון פרייהייט; פסח איז דער שעהנ־סטער יום־טוב פון יאָהר. אָבער . . .

יע, מיר ווינשען אייך אַ גוטען און כשר'ען און פרעהליכען און ווייך־ענדיגען פסח!

## פול מיט האָפענונג פיל אָן דיין נשמה!

ווען דיין האַרץ ווערט איינגעהילט אין אַן אומעט, און דיין נשמה פאַלט אַ קרבן צו גלייכגילטיגקייט; ווען דיין האָריזאָנט איז בלויז וואָלקען און חושך; ווען דער אומבאַרימהאַרציגער „היינט" פאַרשלעפּערט דיך מיט אַ גלויבען, אַז דיין „מאָרגען" וועט ניט זיין שעהנער פאַר דיין „נעכטען" און פאַר דיין „היינט" — דאַן לאָז דיין אויג נאָר פאַלען אויף דעם ערשטען מאַי. זעטיג זיך אָן דעם טאָג מיט גלויבען, מיט האָפענונג און מיט מוט און געה זיך ווייטער דיין גאַנג.

זיי ניט ענטמוטיגט, אַרבייטער, שרעק זיך ניט פאַר די אַלע שטרויכעל שטיינער, מיט וועלכע דיין וועג איז פאַרשטעלט, געה אַרום זיי; געה איבער זיי. רייס זיי אַרויס! שליידער זיי אַוועק! צורייב זיי אויף קליינינקע זעמדעלאַך און וואַרף זיי צום וואַנט און געה אונערשראָקען דיין וועג.

איך ווייס די ליידען פון דיין נשמה. איך ווייס, אַז ניט איין מאָל האָט זיך אַ זינדיגער געדאַנק באַזעצט אין דיין מאָרך און האָט דיך געררייצט אויפצוגעבען דיין טרוים. דו זעהסט דיין אַרמיי צושפּליטערט און צוטיילט. אויף איין זייט — אומוויסענ־הייט; אויף דער צווייטער זייט — פרייהייט; אויף דער דריטער זייט — פאַרראַט און אויף דער פערטער זייט — פייעדיגע לאַווע פון ראַכע־זוכענדען צאָרן. אָבער דאָס איז גאָרנישט. דו געדענק נאָר איין זאַך, אַז אַלע וועגען פיהרען צו איין פונקט — צו פריי־הייט, צו דיין באַפרייאונג, צו אַשעהנערער און בעסערער וועלט.

* * *

דער ערשטער מאַי איז דער טאָג, ווען דו, אַרבייטער, ברייננסט צוזאַמעןביידע וועלטען, די יעצטיגע וועלט און די וועלט, וועלכע דו מאָהלסט אין דיין פאַנטאַזיע און זעהסט דעם קאָנטראַסט צווישען זיי. דו זעהסט פאַר זיך קלאָהר די יעצטיגע אָרדענונג: די אָר־דענונג פון אָרימקייט, הונגער, נויט, אַרבייטסלאָזיגקייט, קראַנק־הייט, אומגלייכהייט, עקספּלואַטאַציע, יאָמער, עלענד און אונטער־

טעניגקייט. און דו זעהסט אויך די וועלט פון דיין צוקונפט: אַ וועלט אָהן אָרימקייט אַ וועלט אָהן אַרבייטסלאָזיגקייט, אַ וועלט אָהן עקספּלואַטאַציע; אַ וועלט אָהן אַרבייטסגעבער; אַ וועלט אָהן שקלאַפעריי.

דעם ערשטען מאַי קום צום שלוס, אַז די יעצטיגע עקאָנאָמישע אָרדענונג מוז געהן. ווייל זי טויג ניט. ווייל שקלאַפעריי איז דער פונדאַמענט אויף וועלכען זי קאָן עקזיסטירען. ווייל אומ־גלייכהייט איז דער ווינקעל־שטיין אויף וועלכען זי איז געבויט. ווייל אונטערטעניגקייט פון איין מענשען צום צווייטען איז דער קוואַל פון וועלכען זי ציהט איהר חיונה. אָהן שקלאַפען קאָן זי ניט עקזיסטירען. אָהן אַ קלאַס אויסגעבויטעטע אַרבייטער קאָן זיך די יעצטיגע אָרדענונג ניט האַלטען. דער רוף פון אַ פרייער נשמה מוז זיין — אַלעס וואָס עס לעבט און ערנעהרט זיך און שעפּט זיין גליק, אויף דעם אומגליק און די ליידען פון אַ צווייטען, — מוז געהן!

* * *

שרעק זיך ניט פאַר'ן מאָרגען. ערגער ווי דיר איז, קאָן שוין ניט זיין. וואָס איז אַ לעבען ווערט אָהן פרייהייט?! וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט דער בלויזער עקזיסטענץ אָהן לעבען?! ווי לאַנג קאָן אַ מענש מיט פאַרשטאַנד לעבען מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז זיין גאַנצער גליק איז אָפּהענגיג אָן דעם גוטען ווילען פון אַ צווייטען?! דער מאָרגען איז טאַקע נאָך איינגעהילט אין אַ שלייער. דיין פאַרשטעלונגס קראַפט האָט נאָך ניט אויסגעלייגט די אַלע איינצעלהייטען פון דעם נייעם פּלאַן. דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. פאַרקעהרט, ס'איז נאָך שעהנער אַזוי. ווייל די געהיימניספול־קייט אַרום דער וועלט פון דיין מאָרגען גיט נאָך צו מעהר רייץ און מעהר חן צו דיין טרוים. וויס איין זאַך: אַז די וועלט וואָס דו האָסט זיך אונטערנומען צו באַשאַפען, האָט איין הויפּט־מעלה, וואָס זי וועט זיין באַזירט אויף אמת, יושר, גלייכהייט, גערעכטיג־קייט און ליבע. אָט אין אַזאַ וועלט וועט ווערט זיין צו לעבען, אין אַזאַ וועלט וועט ווערט זיין צו טרוימען און פאַנטאַזירען — פאַר אַזאַ וועלט איז ווערט צו שטאַרבען.

יעקב י. העללער

דער ערשטער מאַי רעדט קלאָהר צו די אַרבייטער פון דער גאַנצער וועלט. מיר דאַכט, אַז איך הער דיזען טאָג אַ שטימע מיט אַ געטליכען אויסרוף: די פראַקטישע באַלאַנגען ניט צו מיר; די צווייפלער האָבען אין דיזען פייער־טאָג קיין אָרט ניט; די דיפּלאָמאַטען וועלען אין מיר קיין גליק ניט געפינען; די וואָס ליבען דעם קערפּער מעהר פון דער זעעלע וועלען זיך פיהלען אַנטוישט. איך רוף צו מיר די עמפּינדליכע; איך זוך די בענ־קענדע; איך לאַדע איין די מוטיגע. די וואָס קאָנען טרוימען אַ שעהנעם טרוים און די וואָס קאָנען וועבען אַ שעהנע גאָלדענע פאַנטאַזיע; די וואָס זוכען אַ בליהענדע, דופטענדע אַטמאָספערע פאַר זייער נשמה, קומט צו מיר. פאַר אייך, טרוימער, האָב איך אַ קוואַל מיט גליק.

# הנני, העני...

(יום־כפור געדאַנקען)

(פאַר אַלע ריפערמאַכער נאָכצוזאָגען)

הנני, העני, אָט שטעה איך פאַר דיר גאָט — דער זעלבער קבצן פון פאַראַיאָהרען. צווישען דעם 10טען תשרי פון פאַר־גאַנגענעם יאָהר ביז דעם 10טען תשרי פון היינטיגען יאָהר, זיי וויסען, אל רחום וחנון, אַז איך האָב קיין זאַך ניט צוגעקראָגען, אויסער עטליכע „פּאון טיקעטס" (אויב דו ווייסט דאָרטען אין הימעל וואָס דאָס איז אַזוינס). יע, טאַטעלע זיסער, איך בין אויף צרות געוועזן און ביי צרות געבליבען.

יעצט שטעה איך פאַר דיר, גאָט, אַזוי ווי אַ קינד שטעהט פאַר אַ גוטען טאַטען, אָהן שרעק און אָהן מורא און ניט אויף די קניע. איך בוק זיך פאַר דיר ניט, איך קניע פאַר דיר ניט און קיין טרעהר וועסטו ביי מיר היינט אויך ניט קריגען. ניין! פאַרשטעה קלאָהר, אַז דאָס וואָס איך זאָג דיר יעצט, איז ניט אָפיציעל. איך בין געקומען מיט דיר האָבען אַ פריינדליכען גע־

שפּרעך, אָהן צערעמאָניעס. אַלס דיין אייגן קינד זאָג איך דיר: זיי וויסען, אַז דו האָסט לעצטענס איינגאַנצען אַרונטערגענומען דיין אויג פון דיין וועלט. דו פאַרנאַכלעסיגסט אינגאַנצען דיינע „ביזנעס".

איך פרעג דיר, וואָס איז דאָס פאַר אַ סאָרט גערעכטיגקייט וואָס דו טיילסט אויס אין דיין וועלט? איינעם גיסטו גאָר, און איינעם גאָרניט. חיה יענטע די גראָבע איז ביי דיר אויסגעפּוצט אין פּיי און אין פוטער, און מיין ווייב, נעבאַך, געהט אָפּגעריסען און אָפּגעשליסען. חייקעל אָקס, משה דער איזוואָשטשיק, בערעל קאָבילע, — זיי האָסטו אָנגעשטאָפּט אַלע קעשענעס. דו האָסט גע־דאַרפט זעהן ווי זיי קאַטאַיען זיך דאָס אויף אַט־אַ־מאָבילקעלאַך. און איך דאַרף געהן צופוס זוכען אַרבייט אין צוריסענע שיך. איז דאָס רעכט אַזוי?

איך וויל דיר זאָגען אַט־וואָס: האָסטו דאַרטען גענוג עשירות אין הימעל פאַר אונז אַלע, פאַר וואָס גיסטע עס ניט גלייך אַרונטער צו אַלעמען? וואָס, דו האָסט אפשר מורא פאַר אַ געלאַף אויף דיין באַנק! וואָס, דו מוזט האָבען דאַרטען אַ זאַפּאַס? קען דאָך ניט זיין.

אלו, וואָס־זשע דען, דו האָסט ניט גענוג פאַר אַלע? היישע־ריקען האָבען אויפגעגעסען די תבואה אויף דיינע פעלדער? איז דאָך ווידער גוט. טהייל איין דאָס ביסעל וואָס דו האָסט צווישען אַלע דיינע קינדער. ניט אַזוי ווי דו טהוסט איצט. נאָר וואָס, דו שעהמסט זיך צו געבען פון דיין גרויסע האַנד צו ביסלאַך? קען מען זיך ווייטער געבען אַן עצה. ווייסט דאָך, אַז מען וויל קאָן מען אַלעס. פיהר איין אַ נעקסט, ווי עס פיהרט זיך ביי אַלע גוטע און פרומע לייט. היינט זאָל איינער האָבען, מאָרגען — אַ צווייטער, איבערמאָרגען — אַ דריטער, און איבער־איבערמאָרגען — אַ פערטער, און אַזוי ווייטער. גיב מיר עפּעס אויך צו פאַרזו־כען דעם טעם פון זיין דער „סינאָק" פון אַ רייכען גאָט־באַ־טיושקאָ. ניט אַריינשטאָפּען אַלעס אין בערעל קאָבילע און לאָזען דיינע בעסטע קינדער, וואָס האָבען דיר אימער געפאָלגט, קיינמאָל דיין הייליגען נאָמען ניט געלעסטערט, צו פאַרגעהן פאַר הונגער. גאָט מיינער, וואָס טהוט זיך דאָרט מיט דיר!

פאַרשטעה קלאָהר, גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב,

אַז איך בעט ביי דיר ניט צופיל. אַז איך פאַרלאַנג ניט פון דיר דו זאָלסט מיר געבען דיין טעלערעל פון הימעל; אַז איך ערוואַרטע ניט דו זאָלסט מיר מאַכען רייך און מעכטיג אויף דיין וועלט; אַז איך וויל ניט דו זאָלסט מיר געבען דינער אַזו דינסטען, אויף וועמעס פראַצע איך זאָל זיך ערנעהרען. מיין גאָטעניו, איך וויל ניט און פאַרלאַנג ניט אַזעלכע זאַכען. איך בין אַ געהאָרכזאַמער זוהן דיינער. איך גלויב נאָך אַלץ אין דיין פסוק—בזעת אפיך תאכל לחם. פון מיין אייגענער פראַצע וויל איך מאַכען אַ לעבען. איך פאַרלאַנג פון דיר ניט מעהר, וויפיל דיין פרומע טאָכטער האָט פון דיר פאַרלאַנגט לעצטען דינסטאָג, ביים תשליך, לעבען דעם טייכעל אין קראָטאָנאַ פּאַרק — פרנסה! פרנסה, גאָטעניו, דאָס וויל איך פון דיר, און צו דעם בין איך פאָלקאָם באַרעכטיגט. גיב אַרבייט, טאָטע! „ראַבאָטו דאַוואַי!"

איך וויל אַרבייט. איך וויל ניט פאַרלירען די מאַזאָליעס פון מיינע פינגער און לאַדאָניעס דורך אַרבייטסלאָזיגקייט. איך וויל אַרבייטען און מאַכען אַ לעבען פאַר מיין פרוי און קינדערלאַך. איך וויל אַ גאַנצען דאַך איבער זייערע קעפּ, אַביסעל ליכט און וואַרימקייט אין מיין היים, אַ גאַנצען בגד און גאַנצע שיך און אַ פּאָר דאָלאַר צו האָבען אויף אַ דאָקטאָר אין פאַל איך ווער קראַנק. איז דאָס אַ סך?־

און דו גיסט מיר אפילו דאָס אויך ניט, און לאָזט מיר פריהרען ווינטער אין די פרעסט, און לאָזט מיר זיין דורשטיג זומער אין די היצען. און לאָזט מיר הייל און נאַקעט אין רעגען און אין שנעע. האָלסט מיך ניין צעהנטעל פון מיין לעבען אויף סקאָרינקעס. האָלטסט מיך אין איין שרעק פאַר'ן מאָרגען און דו טריי־קענסט אויס דעם מאַרך פון מיינע גלידער דורך פּאַרדרוס, זאָרגען, ליידען און שמערצען. זאָג איך דיר, אַז דו ביזט אַ שלעכטער גאָט. דו האָסט ניט קיין פונק פון רחמנות אין דיין גרויסען האַרץ.

ס'טו גאָר געהערט! נאָר דו האָלטסט מיך אין איין קאָר־מענען מיט „סלעק": אַכט חדשים אין יאָהר גיסטו מיר רעגעלען „סלעק" און צוויי חדשים האָבען מיר אַזוי קיין אַרבעט ניט. און פון דער צייט וואָס איך אַרבייט יע ווילסטו נאָך, אַז איך זאָל זיין אַ בעל־צדקה אויך דערצו. האָסט מיך אַריינגעוואָרפען אין אַ טרייד,

וואָס נאָר עטוואָס אַ האָר ווערט זי פאַרשוואונדען; דו האָסט מיך באַשיינקט מיט אַ מושב זקנים פון בעלי־הבתים, וואָס נאָר אַ בלאָז פאַנגען זיי אָן קוויטשען, און האָבען אויף זיך אַלע מאָל אַ זויערען פנים. וויפיל כחות איך גיב זיי אַוועק איז זיי אַלץ ווייניג — און פאַרטיג. דו זיצסט זיך דאָרטען אויפ'ן הימעל אין דיין כסא הכבוד, האָסט זיך די זון ביי דיין זייט, וואָס דערוואָרימט דיר; האָסט זיך מיליאָנען שטערען וואָס באַפּוצען און באַלייכטען דיר, האָסט זיך די שעהנינקע יונגע באַפליגעלטע מלאכים'לאַך וואָס אונטערהאַלטען דיר און איך לייג דאָ די ציינער אויפ'ן פּאַליצע. וואָס געהט דיר אָן וואָס איך, דיין זוהן, יעקב יוסף ב"ר מנחם מענדעל הלוי, זעה אַלע טאָג דעם מלאך המות פאַר די אויגען?

האָסט נאָר געדאַרפט זעהן ווי דיינע אויסדערוועהלטע, וועמען דו האָסט אַנפאַרטרויט דאָ אויף דיין וועלטעל אַפּצוהיטען דיין טרעזשורי, די בעלי־בתים מיינע, דערגעהען מיר דאָ די יאָהרען. ווען איך אַרבייט, לעדיגען זיי מיר אויס די קעשענעס. אַלעס וואָס איך מאַך אויף נעהמען זיי צו און באַהאַלטען עס אין זייערע קופערטעס. זיי לאָזען מיר בלויז איבער גענוג אויף צו שלעפּען די פיס. פון מיין פראַצע בויען זיי זיך אויף די שעהנסטע הייזער, קויפען זיך אָן די שעהנסטע מעבעל, נעהמען צו די בעסטע און אינגסטע טעכטער פאַר זייערע ווייבער. זיי עסען, פרעסען, זויפען, הוליען און הולטאַיעווען, ווי גאָט האָט געבאָטען (עס זעהט דאָך אויס אַזוי), ניט קיין קינד און ניט קיין רינד, און גאָר. און איך, דיין געהאָרכזאַמער נאַר, שטעה אין קיך און קאָך, און טרינק די סלינע. יע, איך וויל דיר ניט פאַרלייקענען, איך האָב אויך מאַנכעס מאָל פאַרגעניגען פון מיין לעבען, אָבער דאָס איז איין מאָל אין אַ שמיטה, ווען איך נעהם מיינע זיבען פּופּקעלאַך און געה מיט זיי זעהן טשאַרלי טשאַפּלין טאַנצען אויף אַזאַ ווייסען לייל‏אַך. אָה, איך זאָל ניט זינדיגען מיט די רייד.

דאָס איז אַלץ געוועזען אין גוטע צייטען, דו האָסט געדאַרפט אָנקוקען, ווי זיי קעהרען דאָ איבער אַ וועלט; ווי נאָר עס געהט אויס די אַרבייט. עס ווערט „סלעק". זיי וואַרפען זיך מיט מיר דאָן אַרום, פּונקט ווי מיט אַ פּילקע. ווי איך זאָל ניט אָנבויגען מיין קאָפּ, ווי אונטערטעהניג איך זאָל ניט זיין, איז נאָר זיי קוויטשען,

נאָר זיי סטראַשען מיר מיט הונגער. זיי ווילען נאָר אָפּרייסען אַ האַלבען ביסען פון מיין שטיקעל ברויט, זיי ווילען נאָר איך זאָל זיי אַרבייטען פאַר אומזיסט. זיי ווילען נאָר איך זאָל זיי העכערען די שטונדען, איך זאָל זיך לאָזען צושמידען צו מיין מאַשין, ווי אַן אַרעסטאַנט צום טאַטשקע און אַריינגיסען מיין לעבען אין זייער בעכער פון גליק. איך זאָל ווערען זייערס אינגאַנצען, מיט'ן גוף און מיט דער נשמה.

אין אַלע אומגליקען, מאַכען זיי מיר שולדיג, זיי פאַרשרייען מיר אַזוי, אַז איך האָב פשוט מורא דעם מויל אויפצועפענען. איך ווער פון זיי פאַרפאָלגט ווי אַן אָרימע פייגעלע פון אַ בייזען קאָטער. און ביי דיר איז דאָס אַלץ רעכט!

הער זיך איין, טייער גאָט ברוך הוא, וואָס איך וויל דיר זאָגען: דו האָסט זיי, די בעלי־הבתים טאַקע באמת ליב? טאָ צו וואָס האַלסטו זיי דאָ? נעהם זיי צו צו דיר, גאָטעניו, גיב זיי אַ ליכטיגען גן־עדן! איך וועל זיך קענען באַגעהן דאָ, אָהן זיי אויך. איך פאַרזיכער דיר אויף דעם.

נאָר גאָר ניט, בעל רחמים וחנון. ענטשולדיג מיר, וואָס איך האָב דיין ליבען און הייליגען נאָמען געלעסטערט. ווייסט דאָך, ס'איז מיר שלעכט אויפ'ן האַרצען. איך פיהל זיך ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע שעפעלע. די וואַסער דערגרייכט ביז'ן האַלז. איך פיהל, אַז איך ווער משוגע פאַר צער און יסורים. עס דריקט אָט־דאָ מיר אונטער'ן האַרצען. איך פאַרליר דעם גלויבען, איך פאַרליר דעם מוטה, גאָט! איך בין פאַרצווייפעלט. עס פאַרלאָזען מיר אַלע מענשליכע געפיהלען. איך ווער אַ חיה! איך וועל פאַר צאָרן באַלד אָפּטאָן עטוואָס, וואָס ווען דיין וועלט אויפשטורעמען. איך קען שוין דאָס לענגער ניט אויסהאַלטען. איך האָב שוין מעהר קיין געדולד ניט. מיט מיינע צייהן וועל איך דיין ערד צוקייען און פאַרניכטען די פאָדפאָרעס פון אונטער דיינע הימלען; מיט מיין שטימע וועל איך די וועלט פאַרטויבען און מיט מיינע צוזאַמענגעדריקטע קולאַקעס . . .

גאָט, זיי מיר מוחל, זיי מיר מוחל . . .

# אין אַ שעהנעם ווינטער־טאָג

דער טאָג איז געווען איינער פון די זעלטענע ווינטער־טעג. די זון איז אויפגעגאַנגען גאַנץ פריה און האָט מיט איהר ליכטיגער וואַרימקייט אָנגעפיהלט די גאַסען פון ניו יאָרק. די פייכטקייט פון דער לופט איז שנעל אויסגעטריקענט געוואָרען און דער ברוק און די טראָטואַרען זיינען געלעגען ריינע און טרוקענע אויסגעשפרייט פאַר די ליכטיגע זונען־שטראַהלען. אַרויסגעהענדיג אין גאַס און איינאָטעמענדיג אַ פאָר אָטעמס לופט, האָב איך זיך אַ טראַכט געטאָן: אַ, אַ מחיה צו לעבען . . .

אין אַזעלכע טעג נעהמען זיך די פּאָעטען צו זייערע געצייג. די שעהנסטע שאַפונגען קומען דאַן אַרויס פון זייערע פעדערס. די ליבע ווערט ווידער און ווידער אַמאָל געקרוינט אַלס די קעניגין פון מענשליכע געפיהלען. ווער עס האָט נאָר גאָט אין האַרץ רייצט די מענשליכע פאַרלאַנגען און באַגעהרען. די שלעכטע ווערטער האָבען מעהר קיין פּלאַץ ניט אין די אויסדריקע פון די סענטימענטאַלע. „עלענד", „יאוש", „צווייפעל", „אומעט", „נויט" ווערען גלייך פאַרביטען אויף „פרייד", „גליק", „האָפענונג", „גלויבען", „ליבע".

אין אַזעלכע טעג באַזיגט דער געפיהל דעם געדאַנק און די וועלט ווערט ווי דורך אַ כישוף פלוצלונג פאַרוואַנדעלט אין דער שעהנסטער היים פאַר דעם מענשליכען מין.

ניט פאַר אַלעמען אָבער האָט די ליכטיגע זון געבראַכט גליק. מאָריס אָסטראָף איז היינט אומעטיגער ווי ער איז ווען געווען אין זיין לעבען.

מאָריס אַסטראָף איז אַן אָפּערייטאָר ביי קלאָוקס. ער איז שוין אַרבייטסלאָז פאַר אַ שעהנע פאָר מאָנאַטען. דאָס א׳ז אָבער ניט דאָס ערגסטע פאַר איהם. ערגער פאַר אַלעס אין זיין לעבען איז דאָס זוכען אַ „דזשאַב". אין אַלע זאַכען האָט ער זיך אויסגעצייכענט אין אַמעריקע, נאָר איין זאַך ניט — זוכען אַ „דזשאַב". ווען ער פאַנגט זיך אָן פאַרשטעלען בלויז ווי אַזוי וועט אויסזעהן ווען ער וועט שטעהן דאָרטען ביים טיר אין אַ שאָפּ און פרעגען

פאַר אַרבייט, ווערט ער גלייך רויט פאַר שאַנדע. ער פיהלט זיך עפּעס אַזוי קליינליך, אַזוי אונווירדיג, אַזוי אונבאַדייטענד. די גאַנצע פינסטערע פּראָצעדורע זעהט ביי איהם אויס ערנידעריגענד צו דעם זעלבסט רעספּעקט פון אַ מענשען.

וואָס הייסט עס טאַקע זוכען אַ דזשאָב? איז עס ניט דער אינדירעקטער אָנבאָט פון אַ זעלבסטשטענדיגען מענשען צו פאַר־קויפען זיין קערפּער פאַר אַ שטיקעל ברויט? איז עס דען מעהר פון אַ צוזאָג צו לאָזען זיך פיהרען, רעגולירען, און אונטערגעבען זיך צו דער אויפפּאַסונג פון איינעם, וואָס הייסט באָס, 8 שטונדען יעדען טאָג, פאַר אַ מעגליכקייט צו קענען ערהאַלטען דעם קערפּער ביים לעבען?

אמת, מאָריס אַסטראָף איז ניט דעם ערשטען טאָג אָן אַר־בייטער. אָ, ער אַרבייט שוין יאָהרען און יאָהרען. פון קינדווייז אָן אַז ער אַרבייט און הייסט אַרבייטער. און גראַדע שעהמט ער זיך מיט דעם אויך ניט. אַרבייט איז קיין שאַנדע ניט. אָבער אַ „דזשאָב" האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געזוכט.

דעם ערשטען מאָל האָט איהם זיין טאַטע אַוועקגעפיהרט צו אַ שניידער און האָט איהם דאָרטען אָפּגעשטעלט פאַר 3 יאָהר און נאָכדעם איז ער שוין דאָרטען פאַרבליבען ביז ער איז געקומען קיין אַמעריקע. אין אַמעריקע האָט איהם זיין ברודער אַריינגע־פיהרט אין שאָפּ און פאַר איהם געקראַגען דעם ערשטען „דזשאָב". לעצטען מאָל, ווען זיין שאָפּ האָט זיך אויפגעגעבען, האָט זיך גראַדע געמאַכט אַז דער ביזנעס איידזשענט פון דער יוניאָן האָט איהם רעקאָמענדירט אַ פּלאַץ און האָט איהם געגעבען זיין וויזיט־קאַרטע צום בעל־הבית. אַזוי אַרום האָט איהם דער גליק געשפּילט אין די הענט אַריין און האָט איהם מציל געווען פון דער אינקווי־זיציע — זוכען אַ דזשאָב.

אָבער יעצט? . . .

ס'קען אַמאָל זיין, אַז ער וואָלט זיך דיזען מאָל אויך אויס־געדרעהט. פאַר די לעצטע 10 וואָכען איז ער גראַדע געווען מזל'דיג. ס'האָט זיך גראַדע אזוי געמאַכט, אַז ער האָט געקענט ביי זיך פּועל'ן ניט צו גערן זוכען קיין דזשאָב. פריהער האָט גע־רעגענט. אין אַ רעגען־טאָג לאָזט איהם זיין ציערעלע ניט געהן

דאָרטען בראָדזשען אין די גאַסען. זי האָט מורא ער זאָל זיך נאָך חלילה ניט איינבעצען און פאַרקיהלען זיך. אין אַזעלכע טעג ענגט זי זיך אַרויף אויף זיין האַלז און שפּארט זיך איין מיט די פיס אין פלאָר און זאָגט איהם: „ניין, דו׳סט ניט געהן היינט, איך וועל דיר ניט לאָזען. ס׳צאַך נאָך צוקיהלען״. ווען ס׳פאַלט אַ שנעע איז ווייטער דאָ זיין ליבע ציערעל און ראַטעוועט איהם. דאַן האָט זי פאַר איהם אַן אַנדער תירוץ — דו האָסט ניט קיין קאַ־לאָשען. דו׳סט זיך נאָך חלילה צוקיהלען. דיין געזונד איז ביי מיר טייערער . . . און זיינע צוויי שעהנע ליבע קינדערלאַך — פלאָרענס און הענרי, דאַרפען שוין מעהר ניט ווי נאָר אַ וואונק פון דער מאַמען. גלייך זיינען זיי שוין אויף זיינע אַקסלען און פאָדערען „קאם פליי האָרסי״. און, געוועהנליך, פלעגט צירעל אַלע מאָל אַרויס די זיגערין. ער פלעגט זיך אונטערגעבען און בלייבען זיצען אין דער היים.

אָבער וואָס האָט ער געקענט טאָן אין אַ טאָג, ווען קיין רעגען האָט ניט געגאָסען; ווען קיין שנעע איז ניט געפאַלען; ווען קיין רעגען־מאַנטעל האָט מען ניט געדאַרפט; ווען קאַלאָשען זיינען ניט געווען נויטיג; ווען די פויגעלאַך האָבען געזונגען; די זון האָט געשיינט; ווען די נאַרישע סענטימענטאַלע מענשעלאַך ווערען צושפּרונגען זינגענדיג צו דער שעהנקייט און חנ׳עווידיגקייט פון דער נאַטור? וואָס האָט ער געקענט טאָן אין דעם ליכטיגען וואַרימען ווינטער־טאָג? וואָס? . . .

זיין זיסע ציערעלע האָט איהם ביים טיר ניט אָפּגעשטעלט מעהר, און די קינדערלאַך אויך דאָס זעלבע. פאַרקעהרט, עפּעס ווי אויף צו להכעיס האָט איהם גאָר פלאָרענס אַ זאָג געטאָן אין איהר קינדערשער שטימעלע:

— פאַ, גאָו פיינד דזשאַב!

האָט ער געמוזט געהן צום ערשטען מאָל זוכען אַ דזשאַב.

אַרויסגעהענדיג פון הויז האָט ער אָנפאַנגס געטראַכט וועגען אַזאַ פּלאַן: ער וועט זיך צופאָהרען דאון־טאון און דורכשפּאַצירען אַביסעל 5טע עוועניו, וועט שטעהן און וועט אַביסעל פאַרברייננגען מיט באַקאַנטע דאָרטען ביים זייגער. אַרום 1 אַזייגער וועט ער אַרויף אין אָפיס פון דער יוניאָן, וועט דאָרטען פאַרברייננגען אַ

שטונדע צוויי. אַמאָל קען זיך גראַדע מאַכן, אַז ער זאָל דאָרטען
געפינען אַרבייט. און טאָמער ניט, וועט ער פאָהרען צוריק אַהיים
און וועט זיין ציערעלען דערצעהלען, ווי ער האָט געזוכט אַרבייט
אין אפשר אַ 20 שעפער, אָבער — אומזיסט. ער האָט יאָ גע־
קראָגען אַ צוויי פאַרזיכערונגען פאַר נעקסטע וואָך פון 2 בעלי־
בתים, אויף וועמען, לויט זיין מיינונג ער האָט געמאַכט אַ גוטען
איינדרוק. אָט דאָס און פאַרטיג. אָבער ער האָט באַלד דיזען
פלאַן אויפגעגעבען. ער האָט זיך פאַרשעהמט פאַר זיך אַליין,
איבער די געדאַנקען פון וועלען אָפּנאַרען זיין אייגענער פרוי. איז
פאַר איהם ווייטער קיין אַנדער זאַך ניט פאַרבליבען ווי נאָר געהן
זוכען אַ „דזשאָב".

אונערפאַהרען ווי ער איז געווען אין די וויסענשאַפט פון קע־
נען געפינען אַרבייט, האָט ער שוין אָבער אויף אַזוי פיל זיך אָנ־
געהערט צו וויסען וואו אייגענטליך די „דזשאָבס" ליגען היינטיגע
צייטען. ער האָט געוואוסט, צום ביישפיל, אַז אַפּ־טאַון איז ניטאָ
וואָס צו זוכען. אין די שעפער וואָס, זיינען דאָרט פאַרבליבען פון
די אַמאָליגע גרויסע בערען, זיינען דאָ די פאָר גליקליכע אַלטע
הענט, וואָס האַלטען זיך אָן אָן דיזע פלעצער, פונקט ווי אַ קאַ־
פּיטאַן פון אַ זינקענדער שיף. איז ער אַוועקגעפאָהרען גלייך
דאון־טאַון, אין דעם געגענד פון די אויפגעקומענע אָפּערייטאָרס
און פּרעסערס, וואָס זיינען געוואָרען באָסעס און האַלטען אין
זייערע הענט דעם שיקזאַל פון גוטע צייטען און אַרבייטסלאָזיג־
קייט. אַהין האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען זוכען אַרבייט.

ער האָט אָנגעפאַנגען מיט דער 19טער סטריט, די ערשטע
בילדינג אויף יענער גאַס לעבען 5טע עוועניו, און איז זיך אַזוי
געגאַנגען פון בילדינג צו בילדינג, פון גאַס צו גאַס ביז די זון
האָט אָנגעפאַנגען צו פאַרגעהן און אַ פייכטע פינסטערניש האָט זיך
אָנגעהויבען אַרונטערלאָזען אויף די גאַסען. אָנפאַנגס איז פאַר איהם
געווען שווער, זעהר שווער אַריינצוגעהן אין אַ שאָפּ. ווען ער
האָט די ערשטע טיר געעפענט, איז ער געשטאַנען ווי אַ פאַר־
לאָרענער. ער האָט ניט געוואוסט וואו א קעהר צו טאָן זיך. ער
איז געשטאַנען אין אַ פיר־קאַנטיגען האַל אַרומגערינגעלט פון אַלע
זייטען מיט טירען און טירעלאַך פון וועלכע עס האָט זיך געטראָגען

אַ געררויש פון מאַשינען. איהם האָט זיך ניט געוואָלט גלויבען אַז אין יעדער קאַמערעל געפינט זיך אַ באַזונדער שאַפּ. ער האָט בלויז געוואוסט דעם שאַפּ אין וועלכען ער האָט געאַרבייט, וועל־כער האָט פאַרנומען אַ גאַנצען פלאָר. ער האָט דערפאַר געזוכט אַן אויפשריפט אויף איינעם פון די טירען, וועלכער זאָל אָנצייגען וואו דער אָפיס פון דער פעקטאָרי געפינט זיך. ער האָט אָבער ניט געקענט געפינען. האָט ער באַשלאָסען אַריינגעהן אין וועלכער טיר עס וועט איהם איינפאַלען. נאָכהער האָט ער מיט זיך דיסקוטירט וואָסער שפּראַך צו ברויכען ווען ער וועט פרעגען פאַר אַרבייט — אידיש אָדער ענגליש. ער האָט באַשלאָסען ענגליש, טאָמער וועט מען איהם אין אידיש ניט פאַרשטעהן. אַזוי אַרום האָט ער אָן עפען געטאָן די ערשטע טיר אויף וועלכער זיין אויג איז געפאַלען און איז צום ערשטען מאָל געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט אַ דזשאָב.

די פּאָר מינוטען וואָס איז איהם אויסגעקומען צו וואַרטען ביז דער באָס איז אַרויסגעקומען, האָט פאַר איהם אויסגעזעהן ווי אַן אייביגקייט. זיין מאַרך האָט געאַרבייט מיט אַן אויסער־געוועהנליכער שנעלקייט. ער האָט געזעהן דורך זיין פאַרשטע־לונגס קראַפט דעם באָס אין פאַרשידענע געשטאַלטען. אָט איז ער געווען אַ הויכער, אָט אַ נידעריגער; אָט איז ער געווען אַ דיקער און אָט אַ מאַגערער; אָט האָט ער געהאַט אַזאַ מילדען שמייכעל אויף זיין פּנים און אָט האָט ער אויסגעזעהן ווי אַ ווילדער אכזר. ער האָט קוים דערלעבט צו זעהן, ווי אַ טירעל פון ווייסע ברעטער האָט זיך אָן עפען געטאָן און ער איז אַרויסגעקומען.

דאַן איז שוין פאַר איהם געוואָרען אַלעס לייכטער. דער גאַנצער באָס איז געווען אַ נידעריגער, אַ דאַרער, מיט אַ פאַר־שוויצטען גלאַנצענדיגען פּנים. ער האָט אפשר געוואויגען 102 פונט אין גאַנצען. די אַרבעל פון זיין העמד פאַרקאַטשעט ביז איבער די עלענבויגענס, מיט אַ פּאָר צוקנייטשטע פליודערען און דאָס אַלעס. ווייטער איז געווען שווער צו דערקענען, צי דאָס איז געווען דער באָס צי ניט.

דאָס איבעריגע איז שוין פאַרהעלטניסמעסיג, ניט אינטערע־סאַנט. מאָריס אַסטראָף האָט געטאָן וואָס אַלע אַרבייטער פון זיין

פאַך אין דיזער צייט פון יאָהר טהוען. ער האָט געקלאַפּט פון טיר צו טיר; איז געקראָכען פון שטאָק צו שטאָק, פון הויז צו הויז, פון גאַס צו גאַס, ביז די זון האָט זיך אָנגעפאַנגען באַהאַלטען אין מערב און מיט איר — אַלע זיינע האָפענונגען. מיט יעדער „נאָר", וואָס ער האָט געקראָגען, איז פאַרשטאַרקט געוואָרען זיין אומעט, זיין עלענד, זיין יאוש, זיין צווייפעל, זיין האָפענונגסלאָזיגקייט, זיין שרעק פאַר דעם מאָרגען, זיין מורא פאַר אַ הונגער טויט פאַר זיין ציערעלען, פאַר זיינע אונשולדיגע פלארענס און העברי און פאַר איהם אַליין. דאָס אַלעס.

פיליכט האָט ער געזיפצט, פיליכט האָט ער געוויינט. אפשר האָט ער געשאָלטען, אָדער זיך אויף דער וועלט פאַרמאָסטען. קען זיין, אַז זעלבסט-מאָרד געדאַנקען האָבען איהם פאַרפאָלגט, אָבער דאָס איז אויך ניט וויכטיג. נאָך אַלעמען, וואָרום זאָלען מיר סימפּאַטיזירען מיט מאָריס אַסטראָף מעהר ווי מיט די צעהנד־ליגע טויזענדע אַנדערע פון זיין פאַך?

וואָס מיר פאַרדריסט נאָר איז וואָס ווי די זון טהוט אַ שיין, ווי נאָר אַ פויגעלע טהוט אַ זונג, ווי נאָר אַ גרעזעלע הויבט אָן צו שפּראָצען און באַווייזט איהר גרינע געשטאַלט אַרויס פון דער ווייכער ערד, אַזוי גלייך געפינען זיך שוין הונדערטע און טויזענדע סענטימענטאַלע נאַרען, וואָס פאַנגען אָן צו שפּרינגען קדוש דער נאַטור און מאָהלען אויס אונזער שוידערליכע וועלט אין אַזעלכע העלע באַצויבערענדע פאַרבען.

פונקט ווי די שעהנקייט פון דער נאַטור וואָלט געקענט אָפּ־ווישען די מענשליכע טרעהרען . . .